שילער־ביבליאָטעק

א. אירקוטאָוו

# דער מאַרש אַף וואַשינגטאָן



MICROFORM

ווייסרוסלענדישער מעלוכע־פארלאג
מינסק — 1928

שילער־ביבליאָטעק

א. אירקוטאָוו

# דער מאַרש אַף וואַשינגטאָן

איבערגעזעצט פון רוסיש נ. גוליק

ווייסרוסלענדישער מעלוכע־פאַרלאַג
מינסק — 1928

# אָנשטאָט אַ פֿאָרוואָרט.

אין זיין בוך „פּיאָנערן פֿון דער גאַנצער וועלט" דערציילט דער כ׳ שאַמעס:

„.... אין אָנהויב 1925-טן יאָר איז איבער אלע שטעט פֿון אמעריקע אַדורך אַ גרויסע דעמאָנסטראַציע. דאָס האָבן זיך מאַכנעס קינדער אויפגעזאַמלט פֿון אלע עקן לאַנד און געלאָזן זיך מיט פֿאָנעס און פּלאקאטן קיין וואַשינגטאָן (הויפּטשטאָט פֿון אמעריקע) בעטן באַם פּרעזידענט, אַז ער זאָל באַפּרייען זייערע 113 פֿאָטערס, וואָס מ׳האָט פֿאַרזעצט אין טורמע. אַף די קינדערשע פֿאָנען איז געווען אָנגעשריבן:

„ק ע ר ט א ו נ ד ז א ו ם

א ו נ ד ז ע ר ע פֿ אָ ט ע ר ס!"

די דעמאָנסטראַנטן זיינען געווען קינדער פֿון אַרבעטער, אָנגעטאָן אין אָרעמע קליידער. דערדאָזיקער אַרויסטריט האָט געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק — אַף די אַרבעטנדיקע פֿון אמעריקע. אָפּשטעלנדיק זיך אַפֿן וועג אין יעדער שטאָט, פֿלעגן זיי איינאָרדענען מיטינגען, וואָס פֿלעגן אויפֿזאַמלען טויזנטער פּראָלעטאַריער. אַף די מיטינגען

פֿלעגן קלייניִנקע דעמאָנסטראַנטן דערציילן פֿאַר זייערע צוהערער די שווידערלעכע געשיכטע פֿונעם ארעסט פֿון זיי־ערע פֿאָטערס, און ווי עס קומט אויס צו לעבן זייערע פֿאַמיליעס אָן די אייניציקע שפּייזער".

דיראָזיקע מיטיילונג איז געלייגט געוואָרן אין גרונט פֿון דער פֿאָרליגנדיקער דערציילונג. דער אַווטאָר האַלט פֿאַר זיין כויוו אויסצודריקן זיין דאַנק דעם כ׳ שאמעס פֿאַר דעם, וואָס ער האָט אים דערלויבט צו באַנוצן זיך מיטן מאַנוסקריפּט פֿון זיין בוך.

# I

שווער צו זאגן ווען עס איז צוערשט איינגעפאלן מעגלעך, אז ביל ראיסן. עס קאן אבער אויך זיין, אז מערי גריי זייער מעגלעך אויך, אז דער גראבער אומבאוועגלעכער דושאי דאומפסאן האט דאס אויסגעקראצט דעמדאזיקן געדאנק פון זיין רויטהאריקן קארק. ווי דאס זאל ניט זיין, אבער זיי זיינען זיך אלע דריי אנגעגאנגען איינער אפן אנדערן אף דער אייזנבאנסטאנציע פון א קליינעם אמעריקאנישן שטעטל מיט עטלעכע מינוט פארן אנקומען פון עקספרעס, וואס איז געפארן אין הויפטשטאט פון די פאראייניקטע שטאטן — אין וואשינגטאן.

— אלא! — האט אויסגעשריען ביל — איר באגעגנט דעם צוג?

מערי איז געבליבן אין פארלעגנהייט, און אז זי האט געענטפערט „יא", איז אין אירע אויגן קענטיק געווען, אז הינטער דעם „יא" באהאלט זיך עפעס מער, ווי א פאשעטער פארלאנג א קוק צו טאן אף די לאקאמאטיוון.

— דושאי אויך? — האט ביל זיך פארוואונדערט — דו האסט, דוכט זיך, ניט ליב אומזיסט צו אנלייגן א גאנג.

דושאי האט אויפגעפראלט דאס מויל צו ענטפערן, נאר ביל, באמערקנדיק הינטער זיינע פלייצעס די צונויפגעוויקלטע, מיט א רימען איבערגעבונדענע קאלדרע, און נאך עפעס א זעקל, א היפש אנגעפאקטן, האט אויסגעשריען:

— דו האָסט זיך גאָר, אַפּאָנים, אויסגעקליבן צו מאַכן אַ רייזע! וואַרט, וואַרט... מערי איז דאָך אויך מיט באַגאוש!

מערי האָט סאַקע געהאָלטן אין די הענט אַן אַלטן אויסגעדריבענעם סאַקוואַיאַזש, וועלכן זי האָט זאָרגפעלטיק באַהאַלטן הינטערן רוקן. ביל אַליין האָט ניט פֿאַרבאָרגן זיין היפּשן קלומפּעק, וואָס איז געווען אַריבערגעוואָרפן אַף צוויי לייוונטענע לענטעס אַריבער זיינע פּלייצעס.

— נו, וואָס! — האָט ער געזאָגט. ווי איך זע, פֿאָרן מיר אַלע דריי ערגעץ. איך רעכן, אַז מען דאַרף ניט מאַכן פֿון דעם קיין סאָד. דו וווהין, מערי?

— קיין וואַשינגטאָן — האָט געענטפֿערט דאָס מיידל.

— און דו דזשאָי?

— אויך סאַקע אַהין.

— וואָיל! און איך, יאַטן, קלייב זיך אין דעמזעלבן אָרט. אויב אַכוץ דעם וועלן מיר נאָך אין וואַשינגטאָן באַזוכן איינע און דיזעלבע פּערזאָן, דאַרפֿן מיר זיך האַלטן צוזאַמען. און וואָס ס'איז שייך צו מיר, קלייב איך זיך צו זיין באַם סאַמע פּרעזידענט. און איר?

— איך אויך! — האָט מערי געענטפֿערט דערפֿרייט.

— און איך אויך—האָט אונטערגעכאַפּט דזשאָי.

ביל האָט אַ שמייכל געטאָן. ער איז געווען אַף קטלעכע יאָר עלטער פֿון זיי ביידן. ס'איז אים אויסגעקומען לעכערלעך, וואָס אַזעלכע שנעקעס האָבן זיך געלאָזן אַף דעם, אַף וואָס ער האָט זיך אַנטשלאָסן ערשט נאָך לאַנגע טראַכטעניש און וואַקלעניש.

— צוליב וואָס פֿאַר אַן ענין?

דזשאָי איז צוגעגאַנגען נעענטער און אַרויסגעשעפּשעט:

— דאָס איז ביל, אַ גרויסער סאָד. איך פֿאָר פֿאָדערן...
— אָהאָ!—ביל האָט באגיסיקנדיק אַ פּייף געטאָן.—דו וועסט
פֿאָדערן באם פּרעזידענט? וואָס זשע וועסטו בא אים פֿאָדערן?



— איך רעכן,—ביל, אַז דאָס, וואָס דו.
— און מערי?
— איך ווייס נאָך ניט, האָט מערי געזאָגט — עפּעס דאַרף
מען ניט פֿאָדערן, נאָר גוט בעטן.

— פריער אַ בעט טאָן, און דערנאָך, אויב ער וועט ניט איינשטימען...

— אויב ער וועט ניט איינשטימען — מערי האָט אָנגעכמו-רעט אירע דינע ברעמען — וועל איך אים אַריינזאָגן גלייך אין פּאָנים אַריין, וואָס ער איז אַזוינס.

— אַ כוואַט! איז פאָרן מיר זאַלבעדריט אין וואַשינגטאָן.

— אָפּן עקספּרעס?

— נאָר ווי האָלט עס בא אונדז מיט בילעטן?

— איך רעכן בעטן דעם קאָנדוקטער—האָט געזאָגט מערי.

— איך האָב אויך דאָס געקלערט טאָן -- האָט מוידע געיועץ דושאָי.

— דעם עמעס זאָגנדיק, יאַטן, — האָט ביל פאַנאַנדערגעפּירט מיט די הענט — האָב איך אויך קיין אַנדער אויסוועג ניט געזען.

— וועלן מיר בעטן זאַלבעדריט.

— און באַקומען אַז אָפּזאָג.

— פאַרוואָס אַן אָפּזאָג?

— דערפאַר, ווייל אָפּילע פאַר איינעם איז קיין האָפענונג ניטאָ, אז דער קאָנדוקטער זאָל איינשטימען, און פאַר דריי מיט-אַמאָל... ניין, יאַטן, פון דעם וועט גאָרנישט אַרויסקומען.

— דעמלט,--האָט מערי זיך אנטשלאָסן אַרויסגעכאַפּט — דעמלט וועלן מיר פאָרן, ווי עס פאָרן די בעטלער, די טראַמפּן.

— אונטער די אַקסן פון די וואַגאָנעס?

— יאָ.

ביל האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

— קיין איינמאָל האָב איך נאָך ניט געפּרוּווט פאָרן אַף אַזא אויפן — האָט ער געזאָגט — נאָר איך האָב געהערט וועגן דעם. דאָס איז זייער שווער און געפערלעך. אונדז וועט זיך דאָס ניט איינגעבן.

אלע דריי האָבן געשוויגן. קוקנדיק מיט אַ פאַרהאַלטענער האָפענונג איינער אַפן אנדערן.

— וואָס זשע — האָט דזשאָי דער ערשטער זיך אנטשלאָסן. איך קען אופּוואַרטן ביז מאָרגן.

ביל האָט ניט געוווּסט וואָס צו טאָן.

מערי איז געשטאַנען פאַראַקשנט, צונויפדריקנדיק די ציי-נער.

— עקספּרעסן גייען טעגלעך, האָט, ווי ניט ווילנדיק, אַרויס-געקוועטשט פון זיך ביל — איך וועל באַווייזן צו פאָרן איבער-מאָרגן אויך.

מערי האָט אַ שמייכל געטאָן.

— א גרויסן דאַנק אייך — האָט זי געזאָגט — איך טאָר ניט אומקערן זיך אַהיים, ווייל איך בין היינט אַנטלאָפן שטילער-הייט פון דער מוטער.

— גוט — האָט געענטפערט ביל — וועלן מיר זיך באַגעגע-נען אין וואַשינגטאָן.

העלע ליכט פאַסן האָבן זיך באַוויזן אין דער קווער און גע-לייגט זיך ווי צוויי שטראָמען פייער איבער די רעלסן, רודערנ-דיק און פייפנדיק, לאָזנדיק ויילן רויך און פאַנאַנדערוואַרפנדיק פונקען דורך דעם לאָקאָמאָטיוו. עס טוען אַ סקריפּע די אַקסן פון די וואַגאָנען, לייכט קלאַפּן זיך איינע אָן די אנדערע די בופערן, נאָך עטלעכע סעקונדן און דער צוג עלאַסטיש, פאַרטאָרמאָזירנדיק, שטעלט זיך אָפּ באַם פעראָן.

— נאָר איין מינוט — האָט געזאָגט ביל — אייל זיך מערי.

מערי האָט אַ טרייסל געטאָן מיט די קורצגעשאָרענע לאָקן, וואָס האָבן זיך צעשאָטן פון אונטערן ווייכן, ווייסן היטעלע און איז צוגעלאָפן צו אַ מענטשן אַן אָנגעטאָנענעם אין דער אוני-פאָרם פון די אייזנבאַנער, וועלכער איז אַרויסגעלאָפן פון וואַגאָן.

— איר ווינט דאָס דער אָבער-קאָנדוקטער, סער? האָט זי
אַ פֿרעג געטאָן, אָנטעמענדיק זיך מיט מוט.

דער מענטש אין אוניפֿאָרם האָט א שאקל געטאָן מיטן קאָפּ, קוקנדיק אַריבערן מיידעלע.

מען זאָגט, אז איך.

— וועט איר עפּעס גוט זיין... מיר דאַרפֿן האָבן... דער-לויבט אונדז צו דערפֿאָרן ביז וואַשינגטאָן.

— בילעטן פֿאַרקויפֿן זיך אין קאסע — האָט געזאָגט דער קאָנדוקטער און גענומען זיך פֿאָרן הענטל פֿון טיר, ביז וואַשינג-טאָן — 15 דאָלער.

מערי האָט א קוק געטאָן אַף אים מיט געבעט.

— בא מיר איז ניטאָ אַפילו קיין פעני.

— דאַן קאָנסטו ניין צופֿוס.

— פֿונדעסטוועגן, סער...

— אויב דו וועסט פרווון אָנהענגען זיך ערגעץ הינטער די וואַגאָנעס, וועל איך דיר אפּן וועג פֿאַקן און אָפּשיקן אין פּאָ-ליציי.

דעמלט האָט מערי געשטעלט אין קאָן דאָס לעצטע.

— הערט נאָר, סער, איך פֿאָר צום פּרעזידענט — וועגן זייער אַ וויכטיקן איניען.

— וואָס?

דער קאנדוקטער האָט זיך אָנגעבויגן צו איר און באלויכטן איר געזיכט מיט זיין האַנט-לאָמטערן.

— צום פּרעזידענט? אַ מאָדנע מיידעלע!

דערנאָך האָט ער זיך שנעל אויפֿגעהויבן אַף דריי טרעפּלעך מיטאַמאָל און איז פֿאַרשוונדן אין טיר, פֿאַרהאַקנדיק זי הינטער זיך. די דיקע שויבן האָבן געקלונגען פֿון זיין הילכיקן גע-לעכטער.

מערי איז געשטאַנען, קוקנדיק אַף די פּראַכטפֿולע וואַגאָנעס, צוהערנדיק זיך צום שטילן פֿיבערן פֿון די רעדער און איז צוויך

געקומען ערשט דאַן, ווען די רויטע לאַמטערנעס פֿון באַן זײַנען אין דער פֿינצטערניש פֿאַרשווּנדן געוואָרן. לעבן איר האָט ביל שווײַגנדיק באַגלייט דעם צוג מיט די אויגן, און עטוואָס אָנאַזײַט האָט זשאַן געקראַצט זײַן געלן קאַרק.

## II

גייענדיק אַזוי פֿון דער סטאַנציע צום שטעטל, האָבן זיי באַטראַכט וואָס צו טאָן ווייטער.

— איך דענק, האָט געזאָגט דזשאָי, אַז דאָס איז פּונקט אַזוי שווער, ווי געווינען אין דער לאָטערײַ.

— יאָ, האָט אײַנגעשטימט ביל. פֿון הונדערט קאָנדוקטאָרן וואָלטן עפּעס פֿינף געקאָנט זיך אַרויסווײַזן פֿאַר גוטע צו אונדז.

— און ווען מיר זאָלן פּרוּוון פֿאָרן מיטן טראַנזוּיט?

אַהין וועט מען בעשום אופֿן ניט אַרופֿלאָזן. מיטן טראַנזוּיט פֿאָרן שטענדיק אַסאַך בעטלער און די באַנבאַדינער פּאַסן אויף אַף אַלע טאָרמאָז-פּלעצער.

— איז ווי זשע?

— איז קלאָר, מיטן באַן איז ניט מעגלעך!

— קיין אייגענע אַוטאָמאָבילן האָבן מיר ניט.

— און אַעראָפּלאַנען קאָסטן טײַערלעך אַפֿילע פֿאַר מיליאָנערן.

— בלײַבט...

— פֿאַרלאָזן זיך אַף די אייגענע פֿיס.

— צופֿוס?

מערי האָט פֿריער אַ טראַכט געטאָן איידער צו אײַנשטימען.

— נו, האָט זי ענדלעך געזאָגט — איך רעכן, אַז איך וועל דאָס קאָנען.

— אַלזאָ, האָבן מיר באַשלאָסן.

— באַשלאָסן, אָבער...—דזשאָי האָט זיך ווידער געווענדעט נאָך הילף צו זיין קאַרק.

— וואָס נאָך?

— איך האָב געהערט עפּעס וועגן די געזעצן קעגן בעט-לערײַ. מען זאָל ווי עס איז אונדז ניט אַ פּאַק טאָן.

— מיר זײַנען דאָך אָבער ניט קיין בעטלער.

— פּרוּווט דערווייזן.

— אָבער מיר גייען דאָך צום פּרעזידענט.

— ווער וועט דיר גלויבן?

אַלע דרײַ האָבן געשפּאַנט פאַרטראַכט, באַקוקנדיק די געזונטע פון זייערע שיך. מערי האָט די ערשטע איבערגעריסן די שטיל-קייט.

— איך ווייס שוין, וואָס מען טוט, האָט זי געזאָגט.

— וואָס?

ביל האָט ניט געהאַט קיין הויכע מיינונג וועגן דעם סייכל פון מיידלעך, און אין זיין קאָל האָט זיך געהערט אַ ביטאַכטונג.

— מיר דאַרפן פירן דעם אייגענעם אָרגאַניזירטערהייט.

— וואָס ווילסטו זאָגן מיט דעם?

— מיר דאַרפן מאַכן אַ פאָן, אָנשרײַבן אַף איר אונדזער פאָ-דערונג און גיין מיט דער פאָן אַלע צוזאַמען.

ביל האָט זיך פאַנאַנדערגעלאַכט.

— ס'איז ניטאָ וואָס צו לאַכן, האָט זיך מערי באַליידיקט.

— מיט אַ פאָן! און אַף דער פאָן אַן איבערשריפט „מיר פאָ-דערן"... כאַ-כאַ-כאַ!

— יאָ, מיר פאָדערן און דאַן...

— און דאַן וועלן מענטשן אונדז אויסלאַכן.

— אָבער, פאַרוואָס דען?

— באַקלער זיך נאָר: עס גייען אַפן וועג דרײַ קינדער, פון וועלכע דעם סאַמע עלטסטן איז פערצן יאָר, און מען טראָגט אַ פאָן מיט דער שטאָלצער אויפשריפט: „מיר פאָדערן!"

— פֿאַרוואָס נאָר זאלבעדריִטס?

— פֿונוואנען וועסטו נעמען נאָך?

— הערט נאָר, האָט זיך צערעט מיט היִך די מיידעלע, ניטאָ וואָס צו לאכן פֿון מיר. איך האָב גוט באקלערט. בא אונדז אין שטאָט גופֿע וועט זיך געפֿינען אַ מענטשן צען מיט דערזעלבער צאָרע, וואָס באַ אונדז, זיי וועלן גיין מיט אונדז...

— דו מיינסט אַזוי?

— און דו צווייפֿלסט?

— עפּשער וועט מען זיי איינרײדן.

— פֿונדעסטוועגן איז לעכערלעך: מיר וועלן זיין אינגאַנצן דרייצן מאַן.

— ניין, מער! מיר וועלן אָפֿן וועג דורכגיין דורך פֿאַרשיי-דענע שטעט.

— און צו אונדז וועלן זיך פֿאַריייניקן אלץ מער און מער קינדער—האָט דושאַי מיט פֿרייד אונטערגעכאפּט מעריס געדאַנק— געדעכט, מערי!

ביל האָט זיך אונטערגעגעבן.

— ביסט אַ קלוג מיידל! און ווער וועט אָנפֿירן מיט אונדז?

— מיר וועלן אויסוויילן אַ קאַפּיטאַן.

— מערי פֿאַרן פֿאָרזיצער.

מערי איז אַזש רויט געוואָרן, גרויסנדיק זיך מיטן קאָוועד.

# III

די שטאָט איז ווי א לייבלעכע שוועסטער ענלעך געווען אַף פֿיל אַנדערע שטעט פֿון מאַירעוו-אַמעריקע.

פֿון איין זייט האָט זי זיך פֿאַראַמאָל געענדיקט בא די סאמע ברייטע סטעפּעס, ווען פֿעטע ערד ס׳פֿלעגט געבן אַ רייכע געראטעניש די ווייט צעוואָרפֿענע איינע פֿון די אַנדערע פֿערמעס.

פֿון דער אַנדער זײַט האָבן זיך די שטאָטישע געבײַדעס אײַנגעשפּאַרט אין אַ באַרג־בײַט, דורך װעלכן עס האָבן זיך געשלענגלט די רעלסן פֿונעם אײַזנבאַן־װעג. מיט מעשוגעדיקער גיכקייט פֿלעגן פֿליענדיקע באַנען װעקן דעם באַרגיקן עכאָ מיטן ברומען פֿון זייערע הודקעס. דאָ, נאָענט צו דער סטאַנציע, האָט דאָס שטעטל געהאַט גאָר אַן אַנדער אויסזען, איידער דאָרט, װוּ דער גלעטנדיקער אָטעם פֿון די פֿעלדער האָט זיך צעטראָגן, צוזאַמען מיטן אָנדראַנג פֿון די סטעפּישע װינטן, איבער די קאַנאַלן פֿון שטעטלדיקע גאַסן.

דער טייל שטאָט, װאָס האָט אַרויסגעקוקט צום סטעפּ, איז געװען באַזעצט מיט יענע, װעמען עס האָט ניט געפֿעלט קיין דאָלאַרן אויף באַצאָלן פֿאַר דאָס רעכט צו אָטעמען מיט פֿרישער לופֿט און האַנאָע האָבן פֿון דער שטילקייט. דאָ זײַנען געװען פּרעכטיקע אײַנצל־הײַזער, פֿאַרטרונקענע אין גרינס פֿון גערטנער און פּאַרקן, ברייטע אַספֿאַלטירטע גאַסן, איבער װעלכע עס האָבן װײַך געשושקעט די שינעס פֿון אויטאָמאָביל און שטיל געצאָקעט די פֿערדישע קאָפּיטעס. דאָ האָט אַלץ געאָטעמט מיט שטילקייט און צופֿרידנהייט. די מענטשן, װעלכע מען פֿלעגט דאָ באַגעגענען, זײַנען געװען גרויסאַרטיק אָנגעטאָן; די קינדער, װעמענס קליידער עס האָבן געשימערירט דורך די גאָרטנפֿאַרצאַמונגען, האָבן אויסגעזען פּונקט װי פֿון די מאָדישע זשורנאַלן אַראָפּ.

דעם צענטער פֿון שטאָט האָבן פֿאַרטויבט טויזנטער קוילעס. עס האָבן געקלונגען טראַמװײַען און געגרילצט אויף די שאַרפֿע װענדונגען, עס האָבן געברומט אויטאָבוס־סיגנאַלן, עס האָבן געזונגען אויף פֿאַרשיידענע אויפֿאַנים סירענעס פֿון אויטאָמאָבילן. די פֿילשטאָקיקע געבײַדעס זײַנען פֿון די דעכער ביז די פֿענצטער פֿון די קעלער־שטאָקן געװען באַהאַנגען מיט שילדן פֿון אַנשטאַלטן און אונטערנעמונגען, װאָס האָבן זיך געפּרעסט איינע צו די אַנדערע אין דידאָזיקע הײַזער.

דאַ האָט מען אָפּטער געקאָנט זען מענטשן, אָרעם געקליידעטע מיט אַ מידן אויסזען. נאָר דער אַלגעמיינער איינדרוק האָט אויך דאָ דערציילט פון זאַטקייט און רייכקייט.

די אָרעמקייט און שלעכט-באַלוינטע פּראַצע האָבן זיך געטוליעט אין קלייניקע ציגל-הייזלעך, וועלכע האָבן זיך צעשפּרייט באַם סאַמע אייזנבאַנוואַל. די רייען פון דידאָזיקע הייזלעך, האָבן זיך געצויגן אַף רעכטס און אַף לינקס פון וויאַקוואַל. ווען איר קוקט פון וואַגאָן-פענצטער, זעט איר איינאַרטיקע געביידעס ענלעכע צו הינטישע ביידלעך אָדער צו הינערשטייגן פון מוסטערהאַפטע פערמעס. בלויז די קינדערישע פיגורעלעך, וואָס קאָפּאָשען זיך בא די שוועלן פון די נידעריקע טירן, דערמאָנען, אַז אין די שטיבעלעך וואָינען מענטשן.

הינטער דידאָזיקע געביידעס האָבן זיך געזען, ווי אַריבערגעהאַנגענע איבער זיי, מאַסיווע קאָרפּוסן פון די זאַוואָדן.

בא אַט די קינדער, וועלכע האָבן געוואָינט אין דידאָזיקע דירעס, ניט אָנזעענדיק דאָס גרינס פון די סטעפּעס, ניט ווײַסנדיק די פרייד פון די הינטערשטאָטישע שפּאַצירן, איז דאָס געבאָרן געוואָרן דער געדאַנק וועגן אַ מאַרש אַף וואַשינגטאָן. באַגינען האָבן זיי איינציקווייז פאַרלאָזן די שטיבלעך פון זייערע עלטערן; איינציקווייז זיינען זיי אויך דורכגעגאַנגען דעם גאַנצן וועג ביז צום באַשטימטן אָרט.

זייער שווער איז צו פאַרבאָרגן עפּעס וואָס פון אַ מוטער, די מוטערס האָבן מאָדנע גרינג געטראָפן, וואָס זייערע קינדער האָבן פאַרטראַכט. און זיך געאײַלט צו צעשטערן זייער געפערלעכן פּלאַן. אַלע מוטערס פון שטעטל האָבן זיך דערוווּסט וועגן דעם איינפאַל פון די קינדער, און אין דעם פרימאָרגן, אין וועלכן עס איז באַשטימט געוואָרן זיך אויפצוזאַמלען, איז אַ גאַנצע מאַכנע פרויען געקומען אַפן פּלאַץ, וועלכער איז געלעגן אין יענעם קאַנט, וואָס האָט זיך איינגעשפּאַרט מיט איין עק אין

די רייען רייכע הייזער און מיטן אַנדערן אין דער גרינלעך-געלער ווייטקייט פון דער מיטלאַמעריקאַנישער סטעפּ.

קינדער האָבן זיך פֿאַרזאַמלט מער, ווי מערי האָט גערעכנט. צו איר, צו בילן און צו דזשאָיען האָבן זיך פֿאַרייניקט נאָך באַ אַ 20 מאַן פֿון פֿאַרשיידענעם עלטער. צווישן די מער אָדער הייניקער אונטערגעוואַקסענע קינדער זיינען אויך געווען גאָר-גאָר פּיצלעך, באַ וועלכע עס איז ניט געווען ניט קיין פֿאָטערס, ניט קיין מוטערס און וועלכע זיינען געווען אַף דער פֿאַרזאָרגונג פֿון ברידער און פֿון שוועסטער, און האָבן אויך באַשלאָסן נע-מען אַן אָנטייל אין דעם מארש.

אַ גוואַלדיקע מאַכנע מוטערס, עלטערע שוועסטערס, מומעס און באָבעס זיינען געקומען מיטן פֿעסטן באַשלוס צו שטערן דעם מעשוגעדיקן איינפֿאַל. אַף פֿירן אונטערהאַנדלונגען מיט זיי האָט מען אויסגעריכט דעם גאַנצן קאָמיטעט אין פֿולן באַשטאַנד—בילן, מערין און דזשאָיען.

— מיר האָבן באַשלאָסן, האָט ביל פֿעסט געזאָגט, קוקנדיק גלייך אין די אויגן פֿון זיין מוטער, אַן אַלטער אויסגעמאַטער-טער פֿרוי,—און איר וועט אונדז ניט איבעררייידן.

— איך וועל מיין עלען ניט לאָזן, איך וועל מיט גוואַלט זי אַוועקפֿירן פֿונדאַנען!—האָט זיך געהיצט איינע, נאָך ניט קיין אַלטע אַרבעטערן—זי וועט אומקומען אין וועג!

— אַלע וועלן מיר זאָרגן איינער פֿאַרן אַנדערן, קיינעם וועט שלעכט ניט זיין.

— איך פֿאַרשטיי נאָך ייִנגלעך! אָבער מיידלעך, מיידלעך ווהין לאָזן זיך דאָס?

אַז איר ווילט וויסן, האָט דאָס דעם גאַנצן פּלאַן פֿאָרגעלייגט אַ מיידל—מערי.

— גאָר ניט גערעכנט. אַז דו ביסט אַזאַ מעשוגענע!—האָט מעריס מוטער מיט די הענט פֿאַרבראָכן—וואָס האָסטו זיך אין קאָפּ אַריינגעבויטשעט?

— אָבער וואָס ריידן מיר זיך אַזויפיל אָן מיט זיי? מיר האָבן דאָך רעכט צו „צווינגען" זיי פֿאָלגן. האָט געקוויטשעט עמיצער אין די הינטערשטע רייען.

— מאַמעס זיינען מיר אייך, צי ניין?

— ס'איז ניטאָ וואָס מיט זיי צו ריידן!

די הינטערשטע האָבן געשטויסן די פֿאָדערשטע און דער אוילעם פֿרויען האָט זיך אַ לאָז געטאָן צו די קינדער. מערי איז אַריינגעפֿאַלן אין די אָרעמס פֿון איר עלטערער שוועסטער, און יענע, כאַפּנדיק איר אַף די הענט, האָט אויסגעשריען:

— נעמט זיי מיט גוואַלד! טראָגט זיי אַהיים!

האָט ביל אַ וואָרף געטאָן זיך צו אויסלייזן זיי.

— לאָזט אָפּ דאָס מיידעלע! — האָט ער באַפֿוילן.

מערי איז געווען שווער, און די שוועסטער אירע האָט מיט מאַטערניש זיך אָפּגעשלאָגן פֿון בילן.

— לאָזט אָפּ דאָס מיידעלע!

און ביל האָט מערין אַרויסגעריסן פֿון דער שוועסטערס הענט.

— אַזאַ כאַרפּע! — האָט יענע געשריען — זיי נעמען אָפּ באַ אונדז אונדזערע שוועסטערס!

מערי, איז געווען שוין ווייט הינטער די רוקנס פֿון דער־וואַקסענע יאַטן.

— שטילער! — האָט זיך ביל געשטאַרעט אַלעמען איבערשרייען — שטילער! איר ווילט, אַז די פּאָליציי זאָל אָנקומען?

— זייער ווילן מיר! אויב איר פֿאָלגט אונדז ניט, טאָ זאָל אייך די פּאָליציי לערנען סייכל.

— גוט! — בילס קאָל איז פּלוצלונג געוואָרן איראָניש און אַזוי מעכטיק, אַז אַלע זיינען ניט ווילנדיק אַנשוויגן געוואָרן, — זייער גוט! זאָל קומען פּאָליציי! זי וועט אַוואַדע צווינגען אונדז אונטערגעבן זיך, נאָר דאַן...

— וואָס דאַן? פֿאַרוואָס הערט איז זיי? רופֿט די פּאָליציי!

— דאַן—האָט געדונערט ביל, וועט ווּסן גאַנץ אַמעריקע, אַז אַרבעטער-פֿרויען האָבן מיט דער הילף פֿון דער פּאָליציי גע-שטערט צו באַפֿרייען זייערע מענער פֿון טורמע.

— וואָס באַלבעט ער? וועלכע טורמע? וואָסערע מענער?

— אבער איר ווייסט צי ניין, צוליב וואָס מיר גייען?

— ווער ווייס איידן!

— מ׳זאָגט קיין וואַשינגטאָן.

— צום פּרעזידענט.

— קושן זיך מיטן פּרעזידענט גייען זיי, אָט וואָס.

— מוטערס!

ביל האָט זיך אַרופגעכאַפּט אויף די אַקסלען פֿון צוויי כאַ-ווירים.

— מוטערס און שוועסטערס! באַלד צושטעלן מיר זיך, קעדיי צו מאַרשירן אַהין, וווּהין מיר ווילן. צושטעלט זיך יאַטן!

די קינדער האָבן זיך צוצויגן אין אַ געשלענגלטער ריי צווייוויין.

— מיר וועלן אויפהייבן אונדזער פּאַן, אויף וועלכער עס זיי-נען אויפגעשריבן אונדזערע פֿאָדערונגען. איבער איר וועט אונדז דאַן וועלן אָפּהאַלטן, איז דאָס אייער זאַך! איבער די רייען האָבן זיך אַ שפּרייט געטאָן אויף שטעקנס אויפגעהויבענע צוויי פּלאַ-קאַטן.

אויף איינעם:

מיר גייען צום פּרעזידענט!

אויפן צווייטן:

מיר פֿאָדערן:

פֿרייהייט פֿאַר אונדזערע פֿאָטערס.

ביל איז אַראָפּגעשפּרונגען אויף דער ערד, און שטעלנדיק זיך פֿאָרויס דעם אָטריאַד, האָט ער אַ קאָמאַנדעווע געטאָן:

— אין וועג אַרײַן!

און צוגעגעבן:

— א ליד, יאַסן!

קלינגענדיקע קינדערשע שטימען האָבן אונטערגעכאַפּט א ניגון, און אָנגעפֿירט דורך בילן, זיינען די קינדער רויק אַוועק אַפֿן אוילעם.

דיזאָזיקע מינוט האָט איטשיידן די זאַך. ביל איז געגאַנגען און געקוקט גלייך פֿאַר זיך. ער האָט געזען די שטרענגע פּני-מער פֿון די פֿרויען און געפֿילט, אַז יעדע איינציקע פֿון זיי איז גרייט וואַרפֿן זיך אַף דער ערד און מיטן אייגענעם קערפּער פֿאַרצאַמען פֿאַר זיי דעם וועג. געוווּסט האָט ער אָבער, אַז בא יעדערער אין האַרצן צאַפּלט אויך א פֿרייד פֿון די פּלאַקאַטן-אויסעס:

„מיר פֿאָדערן“.

נאָך אַ רעגע — און ביל איז געשטאַנען פּאָנים צו פּאָניט מיט די ערשטע רייען פֿון אוילעם.

— לאָזט דעם וועג! — האָט ער אַנטשלאָסן און האַרב באַ-פֿוילן:

אַ רעגע האָבן די פֿרויען זיך געוואַקלט. דערנאָך האָט בילס מוטער זיך דורכגעשטופּט פֿאָרויס, גענומען זיין קאָפּ אין אירע אַלטינקע הענט און שטאַרק אים אַ קוש געטאָן אין די אויגן.

— לאָזט דעם וועג פֿאַר די קינדער! — האָט זי געווענדעט זיך צו די איבעריקע, — לאָזט דעם וועג!

די מוטערס און שוועסטער האָבן אָפּגעטראָטן, ס'האָט זיך גע-בילדעט אַ שמאָלער קאָרידאָר, דורך וועלכן ס'איז דורכגעגאַנגען די קינדערשע קאָלאָנע. קושן, אומאַרעמונגען, מונטערע ווינטשונ-גען, געוויין און אומזיליקע אויסרופֿן האָבן זיי באַגלייט, אויס-געמישט אין איין זיך דערוויטערדיקן געהילך.

די סטעפּ האָט געוויט מיט ליבלעכער זומערדיקער וואַרעמ-קייט.

# IV

מיט אַ קורצער צייט צוריק איז איבער די צענטראַלע שטאַטן פון אַמעריקע אַדורך אַ כוואַליע מיט אַרעסטן. מען האָט אַרעסטירט אַף רעכטס און אַף לינקס. מען האָט אַרעסטירט קימאַט אָן איבערקלייב און פאַרשפאַרט אין די טורמעס בלויז צוליב אַ כשאד אין סימפאַטיע צו די קאָמוניסטן.

אינדערגיך האָבן זיך צונויפגעזאַמלט געריכטן, צוגעקליבענע קעגן יעדן געזעץ, און דיזאָזיקע געריכטן האָבן אינדערגיך אַרויסגעטראָגן אורטיילן. יאָרן טורמע האָבן זיך געשאָטן אַף אינגאַנצן אומשולדיקע מענטשן און אין רעזולטאַט האָבן דרייצן אַרבעטער געפלאָגט זיך הינטער די אייזערנע גראַטעס פון דער טורמע. הונדערט און דרייצן פאַמיליעס האָבן געפירט אַ ביטערן לעבן אָן פאָטערס און שפייזער.

די יעדיע וועגן דעם האָט זיך צעטראָגן איבערן גאַנצן לאַנד. די צייטונגען (און אין אַמעריקע איז אין יעדער קליינעם שטעטעלע פאַראַן אַן אייגענע צייטונג) האָבן אַליין דערציילט וועגן דעם. אָבער מאַכמעס די מערהייט צייטונגען ווערן אַרויסגעגעבן אַף דעם געלט פון יענע, וואָס האָבן געשיקט אין די געריכט זייערע אייגענע ריכטער און אין די טורמעס—זייער אייגענע וואַך, איז אַלץ, וואָס מען האָט פון די צייטונגען זיך דערוווּסט, אַף אַ הונדערטטיילעק ניט געווען ענלעך צום עמעס. די אומשולדיקע פאַרמישפּעטע אַרבעטער האָט מען פאַרגעשטעלט ווי באַנדיטן, רויבער און פאַרברעכער, און די שווערע שטראָפן, וואָס מען האָט אַף זיי אַרויפגעלייגט, האָט מען גערעכנט נאָך פאַרהעלטענישמעסיק לייכטע. די צייטונגען זיינען געווען אין די הענט פון די סאָנים פון אַרבעטער-קלאַס, און קיין ווערטער האָט מען ניט געקאַרגט, קעדיי צו אָנריידן ליגנס אַף די אַרבעטער.

בלויז די עטלעכע קאָמוניסטישע און מיטפילנדיקע צייטונגען האָבן געשריבן דעם עמעס. פון זיי האָבן זיך דאָס די אַרבעטער

פֿון אַמעריקע דערוווּסט פֿון אומגליק, וואָס האָט געטראָפֿן זייערע כאַווערים, און האָבן גערופֿן אַלעמען צו שטעלן זיך צום שוץ פֿון די אומגערעכט פֿאַרמישפּטע.

ערגעצוו האָבן זיך אָנגעהויבן שטרייקן, ערגעצווו זיינען פֿאָר־געקומען דעמאָנסטראַציעס, נאָר די פּאָליציי האָט אָנגענומען מיט־לען, אַז די שטימען פֿון פּראָטעסט זאָלן פֿאַרטויבט ווערן אָן קענטיקע רעזולטאַטן.

די גרעבערס, וואָס האבן געגראָבן קאַנאַוועס בא דער ליניע פֿון דער אייזנבאַן, וואָס האָט זיך דאָרט געבויט, האָבן אויך וועגן דער געשיכטע געוווּסט. און ווען די קינדער־קאָלאָנע האָט זיך מיט זיי אויסגעגלייכט אָף אזויפֿיל, אַז מען האָט קלאָר געקאָנט דורכלייענען די ווערטער אָף די רויטע פּלאַקאַטן, האָבן זיי גע־וואָרפֿן די גראָבאייזנס און אַרומגערינגלט די קינדער.

די קינדער האָבן געדאַרפֿט אָפּשטעלן זיך און ענטפֿערן אָף זייערע פֿראַגן:

— ווער האָט אייך אויפֿגעגעבן דעם געדאַנק?—האָט געפֿרעגט אַ הויכער שוואַרצבערדיקער מענטש, וואָס האָט שלעכט באַהערשט ענגליש.

— ווי האָט איר זיך דערטראַכט צו לאָזן זיך צום פּרעזי־דענט?

דערקלערונגען האָט געגעבן מערי.

— מיר אַלע לערנען זיך אין שולן—האָט זי געזאָגט—אונד־זערע לערער דערקלערן אונדז די געזעצן, וועלכע הערשן אין אַמעריקע.

— דאָס איז אַ נייס—האָט געזאָגט דער שוואַרצבערדיקער—אַמעריקע האָט, ווייזט זיך אַרויס, געזעצן?

— יאָ—האָט מערי דערקלערט, אײַנזעענדיק די אַמעראַצעס פֿון דעם דערוואַקסענעם—אין די געזעצן ווערט געזאָגט, אַז יעדער איינער האָט רעכט צו ריידן אַלץ, וואָס אים ווילט זיך.

— דאָס װערט אָנגערופֿן פֿרייהייט פֿון װאָרט און געװיסן—האָט צוגעגעבן דזשאָי. דער שװאַרצבערדיקער האָט זיך צעלאַכט.

— ס'אַ אָנגענעמע נײַס—האָט ער אַרויסגעמורמלט.

— נו, אָט,—מעדרי האָט שטאָלצירט מיט דער אויפֿמערקזאַמ-קייט, מיט װעלכער די גרעבער האָבן זי געהערט—האָבן מיר זיך באַקלערט: װײַבאלד אין די געזעצן װערט אַזוי געזאָגט, האָט מען אונדזערע פֿאָטערס, װעלכע האָבן געערט װעגן דעם, װאָס די אַרבעטער דאַרפֿן האָבן, פֿאַרמישפּט ניט ריכטיק.

— און איר האָט אַנטשלאָסן גיין צום פּרעזידענט?

— אונדזערע לערער האָבן געזאָגט, אַז דער פּרעזידענט גיט אַכטונג, אַז אַלע זאָלן אָפּהיטן די געזעצן, אַז קיינער זאָל אַף זײַ ניט אויװער זײַן און קיינער זאָל ניט שטערן דעם צװייטן צו טאָן דאָס, װאָס יענער האָט רעכט צו טאָן.

— װאָס-זשע װעט איר זאָגן דעם פּרעזידענט?

— מיר װעלן אים זאָגן אָט װאָס. מיר װעלן אים זאָגן, אַז ער דאַרף...

— ניין—האָט זיך אַרײַנגעמישט ביל—מיר װעלן אים זאָגן, אַז װי עס װײַזט אויס, װייס ער ניט, װאָס עס טוט זיך אין די שטאַטן.

— און װעלן אים בעטן פֿאַריכטן דעם טאָעס.

— ניין,—דזשאָי האָט ניט איינגעשטימט מיט דעם—מיר װעלן פֿאָדערן פֿון אים ער זאָל דעם טאָעס פֿאַריכטן, װײַבאלד ער איז דער פּרעזידענט...

— מוז ער דאָס טאָן!—האָבן קינדער-שטימען אונטערגעכאַפּט.

דער שװאַרצבערדיקער װערט ערנסט.

— קינדער—זאָגט ער—איך װאָלט געװען אַן אויסװורף, װען איך זאָל אײַך זאָגן: גייט ניט גיין קיין װאַשינגטאָן, װאָרעם דער פּרעזי-דענט װעט מיט אײַך אָפּילע ניט אָנהויבן צו ריידן, מיר װעלן אײַך זאָגן עפּעס אַנדערש: גייט קיין װאַשינגטאָן, אומבאַדינגט גייט, נאָר זייט װיסן, אַז דעם פּרעזידענט װעט איר סײַװי ניט זען.

— מען וועט אונדז צו אים ניט צולאָזן?
— מען וועט אייך ניט צולאָזן.
— נאָר מיר וועלן מאכן אַזוי, אַז ער זאָל וויסן, אַז מיר גייען צו אים.
— ער ווייס דאָס שוין.
— ער ווייס?
— קינדער! ווי נאָר איר זייט אַריבער די גרענעצן פֿון אייער שטאָט, האָבן די טעלעגראַף־דראָטן זיך צערעדט וועגן דעם. מאָרגן וועט מען וועגן אייך דערציילן אין אַלע צייטונגען. אַפֿן וועג וועלן אייך באַגעגענען זשורנאַליסטן, אָראָפּנעמען פֿון אייך פֿאָטאָגראַפֿיעס און שרייבן פֿון דעם מאַיסעס. ווי אַזוי זאָל פֿון דעם ניט וויסן דער פּרעזידענט?
— אָבער דאַן וועט ער אונדז אויפֿנעמען!
— ער וועט אייך ניט אויפֿנעמען!
— פֿאַרוואָס?
— דערפֿאַר, ווייל אייערע לערער האָבן אייך געזאָגט ליגנס פֿון אָנהויב ביזן סאָף. ניט עמעס איז, אַז אין אַמעריקע עקזיסטירט פֿרייהייט, ניט עמעס איז, אַז דער פּרעזידענט היט אָפּ די פֿרייהייט פֿון אַן אָנבאַל אַף איר.
— ווי אַזוי ניט עמעס?
— ניט עמעס. איבער אַמעריקע רעגירן די, וואָס האָבן אייערע פֿאָטערס פֿאַרזעצט אין די טורמעס: די פֿאַבריקאַנטן מיט זייער פּאָליציי, וועלכע באַקומט פֿון די פֿאַבריקאַנטן געלט.
— און דער פּרעזידענט?
— דער פּרעזידענט איז דער סאַמע עלטסטער פֿון די פּאָליציאַנטן, און ער באַקומט די סאַמע גרעסטע סומען.
די קינדערשע רייען האָבן אַ ציטער געטאָן.
עטלעכע אומצופֿרידענע שטימען האָבן איבערגעריסן די אַריינגעטראָטענע שטילקייט:
— וואָס־זשע וועט איצט זיין?

— מ׳דאַרף זיך צוריקערן.

— מיר האָבן ניט וואָס צו טאָן אין וואַשינגטאָן.

— שטיים!

ביל האָט פאַרקוועטשט די פויסטן.

— נו, גוט! איך גלויב, אַז אַלץ, וואָס עס האָט אונדז געזאָגט אָט דער מענטש, איז עמעס.

— עמעס, זונעלע—האָט דער שוואַרצבערדיקער נאָכאַמאָל באַשטעטיקט זיינע ווערטער.

— איז גוט, וואָס ער האָט אונדז געזאָגט, מיר דאַרפן וויסן פון אַלץ, וויבאלד מיר גייען אַף אַזאַ זאַך.

— אין וועג וועט איר נאָך אַסאַך דערוויסן זיך.

— איז דערפאַר לייג איך פאַר צו גיין ביזן סאָף.

— אָבער דער פרעזידענט וועט אונדז ניט אופנעמען.

— זאָל ער!

— פאַרוואָס זאָלן מיר דאַן גיין?

— איך ווייס פאַרוואָס!—האָט אויסגעשריען טעדי,—קעדיי דער פרעזידענט און די פאָליציי זאָלן ניט מיינען, אַז זיי האָבן ווערטן ס׳איז דערשראָקן מיט אַרעסטן, קעדיי זיי זאָלן וויסן, אַז בא די אַרבעטער זיינען פאַראַן קינדער, וואָס האָבן פאַר קיינעם און פאַר קיין זאַך קיין מוירע ניט!

דעם שוואַרצבערדיקנס פּנים האָט זיך צעשוווימען אין א שמייכל.

— דו זאָגסט ריכטיק, מיידעלע!

— ריכטיק—האָט אונטערגעהאלטן א צווייטער אַרבעטער—גיים, קינדער! דער שוואַרצבערדיקער האָט זיך א קער געטאָן צו די איבעריקע אַרבעטער פון דער פּאַרטיע.

— העי!—האָט ער א געשריי געטאָן—רוקט זיך, עס איז שוין ציים ענדיקן די אַרבעט.

— ציים!—האָבן עטלעכע שטימען געענטפערט.

— טאָ לאָמיר בעגלייטן די יאַטן ביזן שטאָט. עס איז פֿאַראַן אינגאַנצן דריי מייל. מיר וועלן זיי איינאָרדענען דאָרט אַף אַ נאַכטלעגער אין קלוב.

דעם שוואַרצבערדיקנס ווערטער האָבן זיך מיט פֿרייד אָפּגערופֿן אין די קינדערשע הערצער. זיי אַליין האָבן אינטערעסירט ניט רעכט געוווּסט, ווו זיי וועלן נעכטיקן די ערשטע נאַכט פֿון זייער מאַרש. זיי האָבן דורכגעמאַכט שוין פֿופֿצן מייל און זייערע צעמאַזאָלעטע פֿיס האָבן גענאָגט מיט שווערן ווייטיק.

אַ נאַכטלעגער אין קלוב איז דאָס בעסטע, וואָס זיי האָבן נאָר געקאָנט דערוואַרטן.

די גרעבער האָבן שנעל צונויפֿגעקליבן די געצייג און צונויפֿגעלייגט זיי אין דעם, פֿון ברעטער אינדערגיכן אויפֿגעקלאַפּטן, באַראַק, נעבן וועלכן עס זיינען פֿאַרבליבן 2 דעזשורנע. דערנאָך האָבן די דערוואַקסענע פֿאַרברוינטע מענטשן זיך אויסגעמישט מיט דער מאַכנע יאַטן.

דער שוואַרצבערדיקער, באַמערקנדיק, ווי מערי בייט קוים מיט די פֿיס, האָט אויפֿגעהויבן זי און אַרויפֿגעזעצט אַף זיין שטאַרקער און ברייטער פּלייצע. די איבעריקע אַרבעטער האָבן נאָכגעטאָן זיין ביישפּיל. אָבער די סאַמע עלטערע—אַזעלכע ווי ביל—זיינען געגאַנגען צופֿוס, טראָגנדיק די שווערע פּלאַקאַטן, וואָס זיי האָבן אַף קיין פֿאַל ניט געוואָלט אָפּגעבן זייערע צופּעליקע באַגלייטער. די איבעריקע זיינען אַרויפֿגעקלעטערט אַף די פּלייצעס און אַף די אַקסלען פֿון די דערוואַקסענע. די מאָדנע פּראָצעסיע, זינגענדיק און שפּאַסנדיק, האָט זיך דערנענטערט צום ברעג שטאָט.

— אַללאָ, האָבן זיי באַגריסט די איינוואוינער, וואָס האָבן געוווּסט שוין פֿון דער אָוונט-צייטונג וועגן דעם, וואָס איז געשען.

— אַ גליקלעכן וועג!

— אַ גרוס דעם פּרעזידענט.

— אַף דערפֿאָלג, יאַטן!

די קינדער האבן געשײַנט פֿון פֿרייד.

נאָר דאָס סאַמע אנגענעמטע האָט דערוואַרט ווייטער. אַפֿן ראַג פֿון צוויי גאַסן, בײַ דער געבײַדע פֿונעם אַרבעטער־קלוב, אין וועלכן די גרעבערס האָבן באַשלאָסן אײַנאָרדענען אַף נאַכט די קינדער, איז געשטאַנען אַ גרופּע אַנדערע קינדער — אַ מענטשן דרייסיק, און איבער זייערע קעפּ האָט אויך געפֿלאַטערט אַ פּלאַקאַט:

מ י ר ג י י ע ן א ו י ך ק י י ן װ אַ ש י נ ג ט אָ ן!

די באַגריסונג־אויסגעשרייען זײַנען לאַנג ניט אַנטשוויגן געוואָרן. די נײַע כאַווייריִם האָבן אויסגעפֿרעגט איינע די אַנדערע וועגן דעם גורל פֿון זייערע פֿאָטערס, זיך באַקאָנט און געצאייצעט זיך וועגן ווייטערדיקן מאַרשרוט. צום אַלטן קאָמיטעט זײַנען צוגעקומען נאָך דרײַ פֿון דער נײַער גרופּע, און אַף דעם אַנדער פֿרימאָרגן, אַפֿן שטויביקן סטעפּ־וועג האָט געשפּאַנט אַ גאַנץ באַדײַטנדיקע צעוואַקסענע קאָלאָנע.

V

אַ שטאָט נאָך אַ שטאָט זײַנען זיי דורכגעגאַנגען און אומעטום האָבן זיי דערוואַרט מאַכנעס אַרבעטער און נײַע גרופּן קינדער, וואָס האָבן זיך געוואָלט פֿאַראייניקן צו דער קאָלאָנע. זייערע האַנטבײַטלען זײַנען קיינמאָל ליידיק ניט געוואָרן, נאַכטלעגערס אונטערן פֿרײַען הימל זײַנען געווען זעלטן.

געשטערט שרעקלעך האָבן די וועלאָסיפּעדיסטן און די אייגנ־טימער פֿון די קליינינקע אַוטאָמאָבילן, וועלכע האָבן נאָכגעפֿאָלגט די קאָלאָנע פֿון שטאָט צו שטאָט און פֿלעגן אויפֿהייבן בייסנדיקן שטויב. אייניקע פֿון זיי האָבן די קינדער פֿאָרגעלייגט זייער הילף:

— צוליב וואָס זאָלט איר זיך מאַטערן מיט די פֿיס, אַז מיר קאָנען אײַך דערפֿירן ביזן אָרט?

דער קאַמיטעט האָט זיך לאַנג בעראַטן און אַרויסגעטראָגן אַ באַשלוס:

— גיין צופוס. מיר וועלן אָוועקפאָרן נאָר אויף יענע אַוטאָ-מאָבילן, וואָס דער פּרעזידענט וועט אונדז אַרויסשיקן אַנטקעגן פון וואַשינגטאָן.

דעם קאָמיטעטס ענטפער איז דורכגעפלויגן אַלע צייטונגען, און אין וואַשינגטאָן האָבן די אַרבעטער איינגעאָרדנט אַ דעמאָנ-סטראַציע מיט דער פאָדערונג: „אַוטאָמאָבילן פאַר די קינדער!"

דער פּרעזידענט אַליין האָט גערעדט מיט די דעמאָנסטראַנטן עך האָט געזאָגט, אַז ער פאַרשטייט זייער פאָדערונג, אַז ער האַלט זי פאַר אַ גערעכטע, נאָר אַרויסשיקן אַנטקעגן די קינדער מאַשינען קען ער ניט.

— באַרעכנט — האָט ער געזאָגט — ווען איך זאָל דערפילן אייער ביטע, וואָלטן מאָרגן אויף וואַשינגטאָן זיך אַ לאָז געטאָן הונדער-טער, טויזנטער קינדער, וועלכע טרוימען וועגן דעם פאַרגעניגן זיך דורכצופאָרן אויף אַן אַוטאָמאָביל. עס וואָלט געווען אַן אומ-זין אונטערהאַלטן דעם קינדערשן קאַפּריז.

די קאָלאָנע האָט פאָרגעזעצט די באַוועגונג, בעטנדיק די אַוו-טאָמאָבילִיסטן, וועלכע האָבן זיי באַגלייט, האַלטן זיך פונהינטן, קעדיי ניט צו פאַרשווערן זיי דעם וועג מיט די וואָלקנס שטויב.

עס איז געבליבן נאָך אַ הונדערט מייל און אויף דעמדאָזיקן מעהאלעך פיר שטעט, וועלכע האָבן געטיילט דעם וועג אויף פיר גלייכע טיילן. די קינדער האָבן געוווּסט, אַז אין יעדער שטאָט געפינען זיי אַן אָפּרו און וועט אַ פריינטלעכן אויפנאַם, דערפאַר האָט זיי דער וועג ניט געשראָקן. פינף און צוואַנציק מייל אַ טאָג איז אַסאַך, זייער אַסאַך, נאָר אויב נאָך אַזאַ וועג באַקומט מען אַ וואַסן אָוונטברויט און אַ גוטע קוואַרטיר אויף אָפּרו — איז דאָס גאָרניט אַזוי שרעקלעך.

עטלעכע פונם קליינוואַרג האָבן עמעס אָנגעהויבן אָפּצושטיין. עטלעכע מיידעלעך האָבן קוים נאָכגעהאַלטן נאָך די איבעריקע.

אַנדערע האָבן זיך געוואָלט אויסקערן, קעדיי ניט פֿאַרהאַלטן די באַווײַרים, האָט מען ניט דערלויבט. די מער שטאַרקערע און פֿאַרהאַרטעוועטע האָבן זיי געטראָגן אַף די הענט און אַף די פּלייצעס, בײַטנדיק זיך איינער מיטן אַנדערן, אָדער פֿאַר זיי פֿלעגט מען מאַכן שטולן פֿון זייערע צונויפֿגעלייגטע הענט.

אָפֿטער פֿון אַלץ פֿלעגט פֿאַרהאַלטן די באַוועגונג די גרויסע צאָל פּלאַקאַטן, וועלכע האָבן אין די ווינטיקע וועטערן טאָרמאָזירט דעם גאַנג פֿון די קינדער, וואָס האָבן זיי געטראָגן, און צוזאַמען מיט זיי — דעם גאַנג פֿון דער גאַנצער קאָלאָנע. עס האָבן זיך געהערט שטימען, אַז מען זאָל די פּלאַקאַטן צונויפֿוויקלען און פֿאַנאַנדערוויקלען בלויז בײַם דערנענטערן זיך צו אַ שטאָט, די מערהייט האָט אָבער פּראָטעסטירט קעגן דעם.

— זאָלן אַלע, וואָס טרעפֿן אונדז אַפֿן וועג, וויסן וווהין און נאָך וואָס מיר גייען!

מען איז פֿאַרבײַגעגאַנגען פֿעלדער, אַף וועלכע עס האָבן געאַרבעט פֿערמערס, אויפֿוואַקלענדיק דעם גאָלדיקן ווייץ און די שווערע קוקורוזע ענלעך אַף אָנגעשטעקטע אין דער ערד שטאַנגען. אין די אַרבעט-שאָען האָבן די פֿעלדער אויסגעזען, ווי זאַוואָדן גרויסע, צעלייגטע גלײַך־אונטערן פֿרײַען הימל מיט זייערע אַרבעטער און מאַשינען. עס האָבן געשווינדלט אינדערלופֿטן די הילצערנע טיילן פֿון די שנײַדמאַשינעס, וועלכע פֿלעגן אײַנצײַטיק שנײַדן די זאַנגען, בינדן זיי אין גאַרבן און צונויפֿלייגן אין סטויגן. עס האָבן גערודערט די דרעש-מאַשינעס און לעבן זיי האָט געזשומעט די מאַשינען, וואָס סאָרטירן, קלייבן אָפּ די קערנער לויטן וואָג און פֿאָרם. עס האָבן געסאָפּעט שווער, לאַנגזאַם קריכנדיק איבער די ביטן, די טראַקטאָרן, שלעפּנדיק נאָך זיך אָנגעלאָדענע ביז אַרויף וואַגאָנעטקעס. ווו-ניט-ווו, אין אַקערס אײַנגעשפּאַנטע, האָבן זיי אויפֿגעריסן די רויערד.

אין זייערע לעדערנע פֿאַרטעכער און אין העמדלעך, אײַנגעפֿלעקטע אין מאַשינען-אייל, האָבן אויך די פֿערמער אויסגעזען,

ווי ארבעטער. געענטער צום שטאָס — פֿעלדער גאַנצע מיט בלומען. צוואמען מיט בלומען-פֿעלדער האָבן זיך געצויגן פּרוכט-גערטנער, די צווייגן פֿון די ביימער האָבן זיך געבויגן אונטערן לאַסט פֿון די פּרוכטן; די שויבן פֿון די אָראַנזשערייען האָבן געגלאַנצט אונטער די שטראַלן פֿון דער זון! זיי זיינען פֿאַרביי-געגאַנגען קוקורוזע-פֿעלדער, ווו עס האָבן שוין אָנגעהויבן אַרויס-צושפּראָצן זאַנגען, פֿאַרביי סעדער, ווו די ביימער האָבן זיך גע-בויגן אונטער דער לאַסט פֿון די פּרוכטן. פֿאַרביי ריזיקע בלומען-בייטן. באַ פֿיל האָבן זיך די אויגן אָנגעצונדן, אָבער דער קאָמי-טעט האָט פֿאַראָרדנט:

— קיין איין עפּל פֿון אַ פֿרעמדן גאָרטן! קיין איין בלימל פֿון פֿרעמדע פֿעלדער! אַכטונג האָט מען שטרענג געגעבן, אַז די דאָזי-קע פֿאַראָרדענונג זאָל ווערן אָפּגעהיט און מען האָט, אַגעוו, אַכ-טונג געבן ניט געדאַרפֿט. אַלע אָנטיילנעמער פֿון מאַרש זיינען געווען אַף אַזויפֿיל דורכגעדרונגען מיטן באַוווסטזיין פֿון זייער זאַך, אַז קיינעם איז אין זינען ניט געקומען צו אָפּטאָן עפּעס אַ שפּיצל אָדער אָנמאַכן העזיק אין וועג. אַפֿילע אין די באַציונ-גען פֿון איינעם צום אנדערן זיינען זיי אויך געווען אזוי שטרענג און זאַכלעך, ווי דערוואַקסענע.

די מיטגלידער פֿון קאָמיטעט—אַליין קינדער—האָבן פֿאַרשטאַ-נען, וואָס עס באַדאַרפֿן די, וואָס האָבן אויסגעוויילט זיי און זיך זיי אונטערגעוואָרפֿן. איינמאָל, ווען די קאָלאָנען זיינען אָנגעקו-מען צו א געדיכטן וואַלד, אַ דורכגעשניטענעם איגמיטן פֿון אַ ריינעם וואַלד-טייכל, האָט דער קאָמיטעט אַרויסגעגעבן אַ באַ-פֿעל:

— רו אַף אַ גאַנצן טאָג!

וואָס דאָס איז געווען פֿאַר אַ רו!

פֿריער פֿון אַלץ—אין וואַסער אַריין! עטלעכע צענדליק קינ-דערשע גופֿן האָבן זיך געפּליוכקעט אין העלן טיכוואַסער, מיט

פֿאַרגעניגן אָפּוואַשנדיק פֿון זיך דעם וועגיקן שטויב. די דעזשורנע,
וואָס דער קאָמיטעט האָט באַשטימט, האָבן אויפֿגעקליבן טרוקענע
צווײַגן, און פֿאַנאַנדערגעלייגט שײַטערס, איבער וועלכע מען האָט
אָנגעהאַנגען קעסעלעך. אין די קעסעלעך האָט געבולבעט וואַסער,



געזאָטן קוקורוזע-קאַשע. און אַפֿילע אויף דריי ערגעץ געקראָגענע
בלעכבויגנס, וואָס האָבן פֿאַרביטן סקאָוואָראָדעס, האָט זיך גע-
פּרעגלט פֿיש, ערשט געפֿאַנגענע פֿון פֿישפֿאַנג-ליבהאָבער.

נאָכן עסן—רו. עטלעכע שאָ טיפֿן שלאָף אויפֿן געדיכטן גראָז
אונטער די שטאַמען פֿון שטעקעדיקע סאָסנעס. נאָכן שלאָף—
ווידער געבאָדן זיך, און נאָכן באָדן זיך—שפּילן ביז אָוונט—פֿריי-
לעכע, רווישיקע שפּילן פֿון קינדער, וואָס האָבן דורך א לאַנג

באשווערלעכער וואנדערונג פֿאָרדינט דאָס רעכט אַף פֿריילעכ-קייט. באַנאַכט האָבן די דעזשורנע אָפּגעהיט דעם שלאָף פֿון די איבעריקע. פֿראַמען פֿון שייטערס האָבן דורכגעשניטן די וואַלד-פֿינצטערניש. אָפּגלאַנצן פֿון פֿייערן האָבן זיך געשפּיגלט אין האָס-טיקן פֿלווידערנדיקן טייכל. סאָסנעס האָבן ווייך און אומהערבאַר געשאָטן זייערע נאָדלען, פֿון צייט צו צייט איז א שווערע שישקע, אַן אָפּגעריסענע פֿון אַ פּלוצלונגדיקן ווינט-שטויס, געפֿאַלן אַפֿן שטערן אימעצן פֿון די שלאָפֿנדיקע; דער צעקלאַפּטער האָט בייז אַ פֿאָך געטאָן איבער זיך מיטן האַנט, אויסגעקערט זיך און מורמלענדיק ווידער אַנשלאָפֿן געוואָרן.

באַם טאָמע גרעסטן פֿון די שייטערס זיינען געזעסן די מיט-גלידער פֿון קאָמיטעט, אָנגעבויגן איבער אַ קאַרטע. וואָס זיי האָבן געקראָגן אין דער נאָר וואָס דורכגעגאַנגענער שטאָט. ביל האָט געפֿירט איבער דער קאַרטע מיטן בלייפֿעדער און אָנגע-מערקט די געבויגענע ליניע פֿונם וועג. וואָס זיי שטייט פֿאָר.

— געגלייבן אַ קלייניקייט האָט ער גערעט—אָט די דריי שטעט, און דאַן איז שוין וואַשינגטאָן.

— וואַשינגטאָן—האָט מערי אָפּגעזיפֿצט.

— דו ביסט ניט צופֿרידן?

— וואַשינגטאָן, דאָס איז דער סאָף! איך וואָלט געוואָלט גיין און גיין אַזוי די גאַנצע צייט. און אויב וואַשינגטאָן וואָלט גע-ווען אין צוויי מאָל ווייטער...

— וואָלטן אונדזערע פֿאָטערס לענגער געזעסן אין די טור-מעס.

— מען וועט זיי סאַי ווי ניט באַפֿרייען.

— דו ביזט זיכער אין דעם?

— זיכער, אַלץ, וואָס מיר האָבן גערעט אין וועג, אַלץ, וואָס עס האָט גערעט דער שוואַרצבערדיקער באַ דער ערשטער באַ-געגעניש...

ווער איז דאָס דער שוואַרצבערדיקער? האָט זיך איינער פֿון די ניט לאַנג צוגעקומענע פֿאַרינטערעסירט.

מען האָט אים דערציילט וועגן דער באַגעגעניש מיט די גרעי־בער און וועגן דעם געשפּרעך מיט זיי.

— דער שוואַרצבערדיקער איז געווען גערעכט — האָבן אונ־טערגעכאַפּט עטלעכע שטימען.

— מיין פֿאָטער האָט געזאָגט דאָסזעלבע.

— מיינער אויך.

— דער פּרעזידענט וועט אונדז ניט אָפּנעמען.

— צי פֿאַרשטייען דאָס אַלע?

— ניין. פֿילע גלויבן אין פּרעזידענט. איך האָב זיך נעכטן מיט איינעם געאַמפּערט, ער האָט געזאָגט, אַז דער פּרעזידענט איז ניט שולדיק.

— די מערהייט פֿון די יאַטן קלערן, אַז עס וועט זיך ענדיקן אַזוי, ווי זיי ווילן.

— מען דאַרף זיי דערקלערן.

— זיי וועלן סאַיווסאַי ניט גלויבן.

— נאָר וואָס — זיי? מיין מאַמע גלייבט אויך אין דער גע־שיכטע. זי האָט מיר געשיקט און געזאָגט: „דער פּרעזידענט וועט העלפֿן, דער פּרעזידענט וועט באַפֿרייען דיין פֿאָטער“.

— דיינע נאָר? וויפֿל פֿון די באַגעגנטע אין וועג מענער און פֿרויען האָבן דאָסזעלבע געזאָגט?

— איך האָב מוירע פֿאַר איין זאַך — האָט אַרויסגעמורמלט מערי — איך האָב מוירע פֿאַרן אומקערן זיך אַהיים.

— פֿאַרוואָס?

— מען וועט לאַכן פֿון אונדז, מען וועט אונדז ניט לאָזן דורכגיין אַ גאַס.

— נו, ניין — האָט געזאָגט איינער פֿון די וועלאָסיפּעדיסטן, וואָס האָט באַגלייט די קינדער און וועלכער איז געקומען בײַם געשפּרעך — לאַכן וועט מען, נאָר ניט פֿון אייך.

— פֿון וועמען זשע?

— מען וועט לאכן פֿון דעם, וואָס פּלורידערס שײנע ווערטער וועגן דער פֿרייער אמעריקע און וועגן איר פּרעזידענט.

— די, וואָס האָבן געגלויבט אין דעם, וועלן לאַכן פֿון זיך אַליין.

— מען וועט לאכן פֿון פּרעזידענט, וועלכער טוט דאָס, וואָס די רײַכע באַפֿעלן אים.

— און פֿון אונדז וועט מען ניט לאַכן?

— מען וועט אײַך זאָגן אַ דאַנק פֿאַר דעם, וואָס איר האָט געעפֿנט די אויגן בײַ די מענטשן אַפֿן עמעס.

— איז הייסט עס — האָט פֿאָרגעזעצט ביל־פּירנדיק מיטן בלײַפֿעדער איבער דער קאַרטע, גייען מיר גלײַך דורך דיזאָזיקע שטעט?

— אַנדערש אַפּאָנים איז ניט מעגלעך.

— ס׳קאָן זײַן! אָט דאָ איז דער גלײַכער וועג ביז וואשינג־טאָן, קירצער אַף אַ מייל צען.

— און אַפֿן גאַנצן וועג־קיין איין מענטשלעכער יישעוו. צוויי מעסלעס וועלן מיר ניט האָבן קיין מעגלעכקייט אָפּרוען, ווי געהעריק.

— דערפֿאַר וועלן מיר גיכער זײַן אין וואשינגטאָן.

— אָבער ניט אין וואַשינגטאָן גייט דאָס. פֿאַר אונדז איז וויכטיקער פֿון אַלץ דורכגיין דורך אַ וואָס אַ גרעסערער צאָל שטעט און אין יעדער פֿון זיי צוציען צו זיך נײַע קינדער.

— מיר באַגעגענען זיך מיט נײַע אַרבעטער.

— ריכטיק! הייסט דאָס — מיט אָט דעם וועג.

קיין דערווידערונגען זײַנען ניט געווען.

# VI

צוויי שטעס פֿון די דריי, וואָס זיינען געלעגן אַפֿן וועג פֿון די קינדער, זיינען געווען אין די הענט פֿון די קו-קלוקס-קלאַנער. די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע, וועלכע מ׳האָט פֿאַרקירצט גערופֿן קקק, איז געשאַפֿן געוואָרן פֿון די יענקיס, וואָס האָבן מורא פֿאַר אַרבעטער, וועלכע קעמפֿן פֿאַר זייערע רעכט. דער צייכן פֿון דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע איז געוואָרן אַ קרייץ און דאָס געווער — אַ שטריק, אַ שייטער און אַ קאַנטשיק. די זין פֿון די רייכע פֿאַבריקאַנטן, וועלכע לעבן אַף די האַציענדעס, וואָס זייערע פֿאָטערס שלאָגן אויס פֿון אַרבעטערישע רוקנס, האָבן געבילדעט דעם גרונט-באַשטאַנד פֿון די קו-קלוס-קלאַנער. האַסנדיק די יענקיס, וואָס גיבן זיי אַ מעגלעכקייט צו לעבן, גאָרניט טויגנדיק — פֿלעגן זיי זיך אין זייער האַס פֿאַר גאָרניט אָפּשטעלן. קאָמוניסטן אָדער די, וועלכע מען האָט געהאַלטן פֿאַר מיטפֿילנדיקע די קאָמוניסטן, פֿלעגן זיי כאַפּן אינמיטן העלן טאָג, בינדן זיי, אַריינוואַרפֿן אין אַוטאָמאָבילן, אָפּפֿירן הינטערן שטאָט און דאָרט איבער זיי אַף פֿאַרשיידענע אויפֿנים איזדעקעווען זיך, איידערן טויטן זיי. די אומגליקלעכע פֿלעגט מען פֿאַרגראָבן לעבעדיקערהייט אין דער ערד, פּאַמעלעך בראָטן זיי אַף די פֿלאַמען פֿון די שייטערס, אָפּשניידן זיי נאָז און אויערן, אויסשטעכן די אויגן, אויפֿהענגען אָדער שיסן דערמיט, ווען דער קאָרבן האָט שוין ניט געקענט אַפֿילע שרייען פֿון שוואַכקייט.

די אָרגאַניזאַציע ק. ק. ק. איז געווען אַ געהיימע, און אירע מיטגלידער פֿלעגן זיך באַווייזן אַף פֿאַרזאַמלונגען און אַף די פּייניקונגען פֿון זייערע קאָרבאָנעס אין ווייסע קיטלען און אין פֿאַרוואָרפֿענע איבערן קאָפּ ווייסע קאַפּושאָנען מיט אויסגעשניטענע לעכער פֿאַר די אויגן און פֿאַרן מויל. ניט קוקנדיק אַף אזא געהיימקייט, האָבן די איינוואוינער געקענט אין פּנים אַלע מיטגלידער פֿון קו-קלוקס-קלאַן, אַסאַך פֿון זיי האָבן אַפֿילע פֿאַרנומען

בעקאָוועדיקע ערטער אין די מוניציפּאלע פּאַרוואלטונגען און אין דער שטאָטישער פּאָליציי.

—

צוויי פֿון די שטעט, וואָס זיינען געלעגן אַפֿן וועג פֿון די קינדער, זיינען געווען די סאַמע מיעסטע נעסטן פֿון אָט דער באַנדע. צו באַגעגענען די קינדער האָבן די קו-קלוקס-קלאַנער זיך געגרייט מיט עטלעכע טעג פֿריער. אין דער אומגעגנט פֿון שטאָט האָט מען צונויפֿגעפֿירט פֿעסער, אָנגעפֿילטע מיט דזעגעכץ און גאַנצע זעק מיט פֿעדערן. אף א באַראַטונג פֿון דער אָרגאַניזאַציע איז באַשלאָסן געוואָרן אָנפֿאַלן אף די קינדער, ווי נאָר זיי וועלן זיך דערנענטערן, אויסטאָן זיי הילע, אויסשמירן זיי מיט דזעגעכץ, אויסקייקלען אין די פֿעדערן און אין אזא אויסזען לאָזן זיי גיין ווייטער: זאָלן זיי גיין צום פּרעזידענט! אַ פּאָר, די אַנדערע קאָן מען נאָך אויפֿהענגען — קעדיי אָנצושרעקן.

אָפּגעפּרעסטע יונגען מיט קאָנסטיקעס אין די הענט האָבן אַרומגערינגלט די אָפֿענע פֿעסער און לאַכנדיק געשטופּט מיט די ווילבערנע גריפֿן פֿון די סטעקס אין דער געדיכטער שטינקענדיקער מאסע. און לעבן זיי האָבן אַנדערע אָפּגעטרייסלט פֿון זייערע פֿראַנטישע קאָסטיומען די אָנגעקלעפּטע אין זיי פֿעדערן.

אין שטאָט האָט די אַרבעטער-אָרגאַניזאַציע אויך פֿון איר זייט געגרייט זיך צו דער באַגעגעניש. מען האָט יאָנטעוודיק אויפֿגעראַמט דעם ניטגרויסן לאָקאַל פֿון קלוב, פֿאַנאַנדערגעשטעלט די טישן, צוגעדעקט זיי מיט טישטעכער, וואָס מען האָט צונויפֿגעקליבן פֿון אַלע הייזער, און פֿאַנאַנדערגעשטעלט טעלער, פֿולע מיט געשמאַקע גרויסע בוטערבראָדן.

אין קאָך פֿון די האוועגישן איז אין קלוב-לאָקאַל אַרייגגעפֿלויגן אַ מענטש, אַ פֿאַרסאָפּעטער און פֿאַרשטויבטער.

— אַלאָ! האָט ער אויסגעשריען—ווער איז דאָ דער דעזשורנער?

— איך—האָט געענטפֿערט אַ הויכער אַרבעטער, מיט גראָלעכע האָר אַף די שלייפֿן.

— ווי איך זע, גרייס איר דאָס אַלץ פֿאַר די קינדער, וואָס גייען קיין וואַשינגטאָן.

— איר האָט קיין טאָעס נים.

— אזוי, איך בין נאָכגעפֿאָרן די קינדער פֿון דער נאַענט-סטער שטאָט.

— זיי זיינען נאָענט?

— צום באַדויערן, יאָ.

— פֿאַרוואָס, צום באַדויערן?

— ווייל אין אייער שטאָט דערוואַרטן זיי גרויסע אומאָנגע-נעמלעכקייטן.

— וואָס עפּעס?

— איר זיים ווייער פּעטס געשלאָפֿן מיטטאָמע היינטיקע נאַכט.

דער אַלטער אַרבעטער האָט זיך אָנגעצונדן.

— איר קאָנט אויסקומען אָן וויצן. איך פֿרעג, אין וואָס גייט עס?

— אין די דריי „ק"-ס.

— איר רעט וועגן קו-קלוקס-קלאַן?

— איך רייד וועגן יענע אויסגעפֿראַנטעוועטע יונגע לייט, וואָס האָבן אַרויסגעקייקלט אַנטקעגן די קינדער פֿעסער מיט דזע-געכץ און זעק מיט פֿעדערן.

דער אַלטער אַרבעטער האָט אַ פֿייף געטאָן.

— מיר האבן דאָס נים דערוואַרט. עס וועט אויסקומען די קינדער צו אויסמיידן אונדזערע גאַסן.

— איר ווילט זאָגן, אַז איר קאָנט נים פֿאַרטיידיקן די קינ-דער?

— אונדזערע זיינען ווייער שוואַך. און אָפֿענער קאַמף מיטן קו-קלוקס-קלאַן איז נים פֿאַר אונדזערע קויכעס.

דער פֿאַרשטויבטער מענטש האָט אומווילקיק אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

— מיר געפעלט ניט אזא ריידן. איך וועל זיך שעמען איי-בערגעבן די קינדער אייערע ווערטער.

דער אלטער ארבעטער האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

— איך שעם זיך אויך—האָט ער געזאָגט—נאָר אַף אַ וואַנט שטופּט מען זיך ניט... אונדזערע זיינען אָנגעשראָקן, און עפּשער?...

ער האָט זיך פאַרטראַכט און איז געשטאַנען, באַוועגנדיק מיט די ליפּן, גלייך ווי ער וואָלט ריידן מיט זיך אַליין.

— און איבעריקנס איר ווייסט וואָס? קערט זיך אום צוריק צו די קינדער און הייסט זיי זיך אָפּשטעלן. איך וועל פאַרזאַמלען אַלעמען, וועמען איך קען, און מיר וועלן דאָס באַהאַנדלען. אויב עס וועט זיך איינגעבן זיי צו איבערצייגן, וועלן מיר אייך מעלדן.

— וויפל צייט הייסט איר וואַרטן?

— ניט מער, ווי אַ שאָ. אויב אין אַ שאָ אַרום וועט קיינער ניט קומען...

— וועלן מיר מוזן אויסמיידן אייער שטאָט?

— יאָ.

דער פאַרשטויבטער מענטש איז אַרויס פון קלוב, און אַרופּ-כאַפּנדיק זיך אַפן וועלאָסיפּעד, האָט ער זיך אין פולן גאַנג גע-לאָזן אַף צוריק. פאַרביי די יונגע לייט, וואָס האָבן געטומלט און געהאָלדערט אַרום די גרויסע פעסער, איז ער דורכגעפלויגן, ווי אַ וויכער אַזוי, אַז זיי האָבן קיין צייט ניט געהאַט אומצוקוקן זיך, צי ס'איז אַ פרעמדער, אָדער עמיצער פון די שטאָטלייט.

די קינדער זיינען נעענטער געקומען, זיי האָבן אויסגעגלייכט די אָרדענונג אין די רייען, פאַרצויגן אַ ליד, באַמיט זיך וואָס העכער צו אויפהויבן איבער די קעפּ די פּלאַקאַטן, דער וועלאָסי-פּעדיסט, וואָס איז געפלויגן אַנטקעגן זיי, איז אַראָפּגעשפּרונגען אין פולן גאַנג, און אויפהויבנדיק די רעכטע האַנט, אויסגעשריען:

— שטיים!

די פֿאָדערשטע רייען האָבן זיך אָפּגעשטעלט טייקעף, די הינ-טערשטע האָבן זיך באַוועגט, און אין מעשעך פֿון אייניקע סעקונדן האָבן די אויסגעגלייכטע ר יען זיך פֿאַרוואַנדלט אין אַ קופּע ניי-געריקע יונגוואַרג, וואָס האָט ארומגעריגלט דעם אומבאַקאַנטן, וואָס איז געשטאַנען זיי אין וועג.

— וואָס איז אזוינס געשען? האָט עמיצער געפֿרעגט.

— איך וויל ריידן מיט די מיטגלידער פֿון קאָמיטעט.

— קאָמיטעט, צו מיר!—האָט אויסגעשריען ביל, ארויסגייענ-פֿון די רייען און שטעלנדיק זיך באַם ראַנד פֿון דער פֿאָרשטאָטי-שער קאַנאַווע. די איבעריקע מעגן אַפּן לאָנקע אָפּרוען!

ווי אַ מאַכנע בונטע פֿויגלען האָט זיך דאָס יונגוואַרג צעשאָטן איבערן גרינעם טעפּעך. שוואַרצע און גראָע ייִנגלשע בלוזעס האָבן זיך אויסגעמישט מיט די העלע מיידלשע קליידלעך, היטע-לעך פֿון פֿאַרשיידענע פֿאַרבן און פֿאַסאָנען האָבן אויסגעזען ווי הי-טעלעך פֿון שוואָמען, וואָס שפּראָצן ארויס צווישן געדיכטן גראָז.

— נו! האָט געפֿרעגט ביל דעם וועלאָסיפּעדיסט—וואָס איז געשען?

— איר קאָנט ניט גיין ווייטער—האָט יענער געענטפֿערט און זיי דערציילט וועגן אַלץ, וואָס איז פֿאָרגעקומען אין שטאָט.

מיט באַליידיקונג און צאָרן האָט געקלונגען מעריס קאָל, ווען זי האָט געפֿרעגט:

— און די אַרבעטער וואַקלען זיך?

— ווי עס ווייזט אויס, זיינען זיי ניט גענוג שטאַרק, קעדיי צו באַזיגן די כעוורע-לייט און קו-קלוקס-קלאַן.

— הייסט דאָס, קאָן זיין, אַז אונגדז וועט אויסקומען גיין אַרום?

— נאָך מיין מיינונג, איז דאָס זייער וואַרשיינלעך.

— מיילע, וועלן מיר וואַרטן! וויפֿל האָבן זיי געהייסן וואַרטן?

— אַ שאָ, ניט מער.

איצט איז 7, האָט געזאָגט ביל, וואָס האָט געהיט ווי דאָס שוואַרצאַפּל פֿון אויג זיין זייגערל, וואָס ער האָט אין די גוטע צייטן באַקומען אַ מאַטאָנע פֿון זיין פֿאָטער. אויב צו 8 אַזייגער

װעט קיין ענטפער ניט זיין, װעלן מיר גיין נאָך אַ שאָ און דער־נאָך צעלייגן זיך אַף נאַכט אַף אַ װעלכן ניט איז זיכערן אָרט.

קיינער דערװיִדערט ניט?

מערי איז אופגעשטאַנען.

— איך דערװיִדער—האָט זי געזאָגט.—מען דאַרף יעדע זאַך טאָן ביזן סאָף.

— ציִ לייגסט דו אונדז ניט אָקאָרשט פאָר צו פאַרזוכן אַף אונדזערע רוקנס די ריִמענס פון די קו־קלוקס־קלאַנער?

— ניין,—מערי האָט אַ שאָקל געטאָן—מיִין קאָפּ—איך לייג פאָר אויסריִכטן אַ דעלעגאַציע צו די אַרבעטער.

דער װעלאָסיפּעדיִסט האָט אַ בליִק געטאָן אַף מערין.

— דו ביִסט אַ פאַרשטאַנדיִקע מיידעלע—האָט ער געזאָגט—נאָר ס׳איִז אַ ספק, ציִ מען װעט זיִך אַהין קאָנען דורכרייסן.

— איִר זיינט דאָך דורכגעפאָרן.

ערשטנס, האָבן זיי ניט אזוי אופּמערקזאַם געהיט, װי זיי װעלן היִטן איִצט, װיסנדיק, אַז איר דאַרפט שוין זיין נאָענט; צװייטנס—בין איך געװען איינער.

— דאָס איז ריכטיִק—האָט געזאָגט ביל—דיין פלאַן איז גוט, נאָר ניִט אויספירבאַר.

— ניין, אויספירבאַר—האָט געענטפערט מערי—שיִקט מיר! ביִל האָט פּראָטעסטיִרט.

— אויב איר װעט מיר ניִט דערלויבן, װעל איך אַלציינס אַליין אַהין גיין.

— און װעסט אַריינפאַלן צו די קו־קלוקס־קלאַנער.

— מיילע! איִך װעל קאָנען שטאַרבן אזוי, װיִ מען דאַרף.

— עס!—האָט אויסגעמורמלט דושאָי—מאַך זיִך ניִט פאַר קיין העלדן, מעריִ.

מערי האָט אָנגעהויבן ריידן הייס און איִבערצייגנדיִק.

— מיִר טאָרן ניִט דורכלאָזן דעמדאָזיִקן צופאַל. אונדזער [illegible] קיין װאַשיִנגטאָן דאַרף דורכגעגאַנגען װערן מיִט קאַמף איִן [illegible]

זיך. אויב די אַרבעטער האָבן טוירע פֿאַרן קו-קלוקס-קלאַן, דאַרפֿן מיר זיי אָנגעבן מוט.

— און דו מיינסט, דאָס איז מעגלעך?

— אין דער צייט פֿון מאַרש, בין איך אייזנהאַוער — האָט געזאָגט דאָס מיידעלע — איך האָב אָנגעהויבן אַסאַך צו פֿאַרשטיין: מיר, קינדער, זיינען אַ גרויסע קראַפֿט. מיר קאָנען דערוועקן די דערוואַקסענע צו גרויסע טאַטן.

— דאָס אַלץ איז ריכטיק — האָט געזאָגט ביל — נאָר ווי קומט מען דאָ דורך?

— איך האָב אַ פּלאַן, הערט — האָט זי געזאָגט צום וועלאָסי-פּעדיסט.

דאָ איז, דוכט זיך, פֿאַראַן עפּיצער מיט אַ מאָטאָציקל.

— פֿאַראַן! אַ גוטער באָכער, מיינער אַ פֿריינט.

— גיט אים אַרוף!

דער וועלאָסיפּעדיסט האָט שמייכלענדיק זיך אויפֿגעהויבן.

— דו גיסט אָפּ באַפֿעלן, ווי אַ קאָמאַנדיר אַף מילכאָמע, מיי-דעלע, איך הער!

ער איז פֿאַרשוווּנדן אין דער אָנגערוקטער אָוונט-דעמערונג, און אין עטלעכע מינוט אַרום זיך צוריקגעקערט מיט אַ הויכן יונגן באָכער אין אַ לעדערנעם קאָסטיום.

— אָט איז מיין מאָטאָציקליסט, קאָמאַנדיר — האָט ער געזאָגט, אָפּשטעלגדיק זיך אַנטקעגן מערין.

מערי האָט באַהאַלטן אַ שמייכל אין די צונויפֿגעדריקטע ליפּן.

— איר זייט אַ מוזיקער מענטש? — האָט זי געפֿרעגט דעם ערשט צוגעקומענעם.

— איך דענק, אַז יאָ — האָט יענער געענטפֿערט.

— איר זיינט אַן אַרבעטער?

— איך האָב שטענדיק אַליין אויסגעשלאָגן פֿאַר זיך דעם שטיקל ברויט, מיט די אייגענע הענט.

— צי קאָנט איר מיט אַ מאַקסימאַלער געשווינדקייט פֿאַרפֿאָרן פֿונדאַנען צום צענטער פֿון אָס, ניט אָפּשטעלנדיק זיך אַפֿילו אין דעם פֿאַל, אויב פֿאַר אייך וועט זיך א ווייז טאָן אַ רעוואָל-ווער?

— אויב דאָס איז נייטיק פֿאַר דער זאַך, קאָן איך!

— דאָס איז נייטיק פֿאַר דעם דערפֿאָלג פֿון אונדזער מאַרש — האָט געזאָגט דאָס מיידעלע — אויב נאָר איר רעכנט אונדזער מאַרש פֿאַר אַ זאַך...

דער מענטש אין רימען האָט זי איבערגעשלאָגן.

— איך וועל פֿאָרן אַליין? — האָט ער געפֿרעגט.

— מיט מיר.

— דו וועסט ניט מורא האָבן?

— איך וועל — האָט זיך מערי מוידע געווען.

— אָבער דאַן...

— שרעקט זיך ניט, איר וועט דאָס ניט באַמערקן. איך וועל זיך באַהערשן.

דער מענטש אין רימען האָט אַ טראַכט געטאָן.

— ווען לאָזן מיר זיך?

— שוין.

ווען זיי האָבן זיך געזעצט אויפֿן מאטאציקל, און מערי האָט זיך איינגעאָרדנט אויפֿן באַגאַזש-קעסטל, האָט זי נאָכאַמאָל געזאָגט צום מאטאציקליסט.

— פֿולסטע שנעלקייט, ווי נאָר די מאַשין קען אויסהאַלטן.

דער מאטאציקליסט האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, און די מאַשין האָט זיך אַ ריס געטאָן פֿאָרויס.

אַ וואָלקן שטויב האָט זיי אַרומגערינגלט פֿון אַלע זייטן. די טעלעגראַף-סלופּעס האָבן זיך פֿאַרבייגעטראָגן מיט אַ מעשוגענעדי-קער גיכקייט. עס האָט זיך געדוכט, אַז בײַ די זייטן וועג ציט זיך אַ דורכויסיקער פֿאַרקאַן. דער זשוויר איז געשפּרונגען פֿון אונ-

טער די רעדער און געשניטן אין פּאָנים. מערי האָט זיך שטאַרק געהאַלטן פאַרן נאַרטל פֿון איר באַגלייטער.

— אויסנוצנדיק די צייט, וואָס דער וועג איז געווען אַ גלייכער, האָט ער ריזיקירט אָפּקערן צו איר דעם קאָפּ און אויסגעשריען:

— דו האָסט ניט מוירע?

זי האָט זיך ניכער אָנגעשטויסן לויט דער באַוועגונג פֿון זיינע ליפּן אַף דעם זין פֿון דער פֿראַגע, איידער זי האָט זי דערהערט.

— איך האָב וייער מוירע — האָט זי אויך פֿון איר זייט, אָנשטרענגנדיק די לונגען, אויסגעשריען און צוגעגעבן — נאָר אויב עס איז מעגלעך, נאָך שנעלער!

קווער דעם וועג, אַף וועלכן די מאַשין איז אונטערגעשפּרונגען און שיר איבערגעקערט זיך, זיינען געשטאַנען אויסשפּירער פֿון קו-קלוקס-קלאַן.

— שטייט! — האָט אַ געשריי געטאָן איינער פֿון זיי און טייקעף אויסגעשאָסן אינדערלופטן — שטייט זאָגט מען אייך!

מערי האָט באַהאַלטן איר פּאָנים איך די רימענע פֿאַלדן פֿון מאָטאָציקליסטס טוזשורקע.

איר האַרץ האָט געקלאַפּט אַזוי מעשוגערווייז גיך, ווי עס האָבן געקלאַפּט אין מאָטאָר די אָנצינדונגען, וואָס האָבן אָנגעברענט די פּאַדאַשוועס פֿון אירע טופּליעס.

דער מאָטאָציקליסט האָט געטאָן אַלץ, וואָס ער האָט געקענט. די מאַשין האָט געטאָן נאָך מער, ווי זי האָט געקענט. נאָך זיי האָבן דורכגעפּייפט עטלעכע קוילן, און איינע האָט אָפּגעריסן אַ קנעפּל באַם רימענעם בענדל פֿון מאָטאָציקליסטס אַרבל. די זעלבע קויל האָט אָפּגעבערנט דער מיידעלעס באַק. אָנעמענדיק זיך מיט דער נאַנצער גוורע, האָט זי באַשלאָסן אויפֿהייבן דעם קאָפּ און אַ קוק טאָן פֿאָרויס. דערנענטערדיק זיך, זיינען געוואַקסן די הייזלעך אין דער אומגעגנט פֿון שטאָט. א טומלענדיקער און

טרייענדיקער אוילעם מענטשן איז געפֿלויגן פֿאַרביי. אָט האָבן זיך עטלעכע אָפּגעטיילט פֿון די איבעריקע און אָפּגעשטעלט זיך אַפֿן וועג — גלייך קעגן דער מאַשין.

— קערט זיך ניט אָפּ! האט א געשריי געטאָן דאָס מיידעלע פֿילנדיק, אז איר באגלייטערס הענט האָבן א ציטער געטאָן — קערט זיך ניט אָפּ! פֿאָרט גלייך אַף זיי! זיי וועלן זיך דער-שרעקן.

צי האָט ער דערהערט איר געשריי אָדער ניט, נאָר די מא-שין האָט זיך ווידער אַ לאָז געטאָן און מיט קראַפֿט זיך געשניטן אין דער גרופּע, וואָס האָט געוואַגט שטעלן זיך אין וועג. דער מאָטאָציקלעט איז אונטערגעשפּרונגען אינדערלופֿטן, אָנגעבויגן זיך אָנאַזייט, ווידער מיט די שינעס אָנגערירט דעם גרונט און אַוועקגעפֿלויגן פֿאָרויס מיט אזאַ אָנבויג, אז דער מיידעלעס קני, האָט זיך ביז בלוט צוריסן אָן די שאַרפֿע שטיינער. מיט אַן אי-בערמענטשלעכער אָנשטרענגונג פֿון ווילן און מוסקולן, וואָס האָט זיך דורכן רימען איבערגעגעבן דער ציטערדיקער פֿון ווייטיק און שרעק מערין, האָט דער מאָטאָציקליסט אויסגעגלייכט די מאַשין.

דערנעבן האָט זיך עמיצער אזוי הויך אויסגעזידלט, אז אַפֿילע דער סימל פֿון דעם אינציזעלף-קראַפֿטיקן „כארליי" האָט ניט געקאָנט פֿאַרטויבן די זידלעריי. נאָך עטלעכע שאָסן, א פֿייף פֿון אַן איבערגעשראָקענעם פּאָליסמען, א פּאָר פֿורלעך, וואָס האָבן זיך אַ יאָג געטאָן אָנאַזייט, א דריי דאָס הענטל, עטלעכע הויכע, ווי שאָסן, אופֿרייסן אין מאָטאָר, — און דער מאָטאָציקלעט האט זיך אָפּגעשטעלט אין מיטן גאַס, א הילפֿלאָזער און אומנו-ציקער.

דער מענטש אין רימען שפּרינגט אַראָפּ פֿון געזעס און כאַפּט מערין אַף די הענט און לויפֿט אזוי גיך, אַז אין דער מיידלס אויערן פֿייפֿט דער ווינט. א קער אין אַ זייטן-געסל, נאָך אַ קער — און זיי זיינען שוין אַף אַ גרויסן מיט מענטשן אָנגעפֿילטן פּלאַץ.

— אַלאָ, שרייט דער מאָטאָציקליסט, אַ מיידעלע צו אייך פֿון
דאָרטן!

און הויבט אויף מעקן איבער די קעפּ פֿון אוילעם, זי קוקט
אַראָפּ אין פֿילם, אַז דורך אַלץ, וואָס זי האָט איבערגעטראָגן,
פֿאַרלירט זי דעם באַוווסטזיין. ציטעריפּנעמענדיק די לעצטע קריכעס,
שרייט זי:

— אַרבעטער! איבּ איר... צי דען וועלן מיר דאַרפֿן דער-
ציילן... דערציילן אַלעמען, אַז די אַרבעטער פֿון אייער שטאָט...
פֿון אייער שטאָט!...

זי פֿאַרלירט דעם פֿאָדים פֿון די ווערטער. נאָך איין אָנ-
שטרענגונג — און פֿאַלנדיק אַף די צו איר אויסגעשטרעקטע
הענט, וואַרפֿט זי אין דעם אוילעם די גרייזאַמע ווערטער:

— די אַרבעטער פֿון דערדאָזיקער שטאָט זיינען... טאַטראָנים!

עפּעס אַ פֿרוי טראָגט זי אַריין אין לאָקאַל פֿון קלוב, אין
וועלכן די געדעקטע טישן וואַרטן אַף די געסט. דער אַלטער,
וואָס האָט געשמועסט מיטן מאָטאָציקליסט, הייבט זיך אויף אַפֿן
גאַניק און ווענדעט זיך צו די פֿאַרזאַמלטע:

— איר האָט געהערט, וואָס די מיידעלע האָט געזאָגט?
אַ מאָדנע שטילקייט איז געווען דער ענטפֿער אַף זיינע
ווערטער.

איר האָט געהערט, וואָס דאָס מיידעלע האָט געזאָגט? כאַ-
זערט ער איבער.

קיין איינציקער קלאַנג.

— וואָס עס איז שאַיעך צו מיר, דערהויבט ער זיין שטים —
איז ווייסט איר, אַז דער אַלטער דזשעמס איז קיינמאָל ניט גע-
ווען קיין פּאַכדן. איך אַליין וועל גיין זיך דורכריידן מיט די כעווי-
רע פֿון קו-קלוקס-קלאַן.

ער גייט אַראָפּ פֿון גאַניק און גייט גלייך צום אוילעם.
דער אוילעם טרעט זיך פֿאַנאַנדער פֿאַר אים און באַלד
שליסט ער זיך צונויף הינטערן אַלטנס רוקן. ער גייט דורך דעם

פלאַץ, קערט זיך אָפּ אין א געסל און קוקט זיך ניט אום אַף הינטער, ווייל ער ווייס אויך אָן דעם, אַז די אַרבעטער-מאַסע באַוועגט זיך נאָך אים אַ שטייגנדיקע, נאָר אַ דראָענדיקע.

די מענטשן בײַ די פֿענסטער דערנעבן האָבן זיך געהיצט, באַהאַנדלענדיק די געשעעניש מיטן מאָטאָציקלעט; דער צעקלאַפּ-טער איז געלעגן אָנדערווייט און געקרעכצט, וואַרטנדיק אָפּן עקי-פּאַזש, וואָס זאָל אים אָפּפֿירן אין שפּיטאָל.

— עפּשער האָבן מיר געטומלט אומזיסט, פּאָשעט עמיצער אַ רייונדער.

— איז פֿאַרוואָס האָט ער זיך ניט אָפּגעשטעלט?

— און דו וואָלסט זיך אָפּגעשטעלט, ווען מען וואָלט אַף דיר אָנשטעלן רעוואָלווערן?

— מיר האָבן געדאַרפֿט זיין געלאַסענער.

— און איך זאָג אײַך, אַז איך האָב דערקענט דאָס מיידעלע הינטער זיין רוקן.

די, וואָס זיינען געשטאַנען נעענטער צו דער שטאָט, האָבן גענומען אויפֿגערעגט טומלען זיך.

— וואָס איז דאָרט אַזוינס געשען?—האָט איינער א געשריי געטאָן.

— אַרבעטער גייען אַהער.

עטלעכע באַוואָפֿנטע האָבן זיך געוואָרפֿן פֿאָרויס, אָפּשטויסנ-דיק די איבעריקע.

— מיר וועלן זיי ווייזן.

— אומזיסט מישן זיי זיך אַריין אין אָט דעם איניען.

— פֿאַרפֿולנדיק די גאַס, זיינען אהער געגאַנגען די אומבאַ-וואָפֿנטע אַרבעטער. פֿאָרויס האָט לאַנגזאַם און רויק געשפּרייזט דער אַלטער דזשעמס.

העי!—האָט מען זיך צעפּילדערט אין דער מאַכנע פֿון די קעג-נער—וואָס דאַרפֿט איר דאָ?

קיין ענטפֿער. די אַרבעטער זיינען געגאַנגען לאַנגזאַם און רויק גלייך אַף די רערן פֿון די אָנגעשטעלטע רעוואָלווערן.

איינער פֿון די באַוואָפֿנטע האָט זיך אַ וואָרף געטאָן פֿאָרויס און איז צוגעגאַנגען האַרט צו דושעמסן. דושעמס האָט ניט פֿאַרקלענערט די גיכקייט פֿון זיין טראָט, געשפּאַרט אַף אים מיט דער ברייטער ברוסט.

דער קו-קלוקס-קלאַנער האָט אַ קוק געטאָן גלייך אין די אויגן דעם אַלטן אַרבעטער. און דער אַלטער אַרבעטער האָט געקוקט גלייך אין די אויגן דעם קו-קלוקס-קלאַנער. און אוילעם, וואָס איז געגאַנגען פֿון שטאָט, און אין דער מאַכנע, וואָס האָט זיי דערוואַרט אונטערן שטאָט, איז געווען שטיל, אַזוי שטיל, אַז עס האָט זיך געהערט דאָס אָפּגעהאַקטע אָטעמען פֿון הונדערטער ברוסטן.

דער אַלטער דושעמס האָט שווייגנדיק אויפֿגעהויבן זיין האַנט, אָפּגעקערט פֿון זיין סאָנים דעם רעוואָלווער, וואָס איז געווען אָנגעשטעלט אַף אים. דער קו-קלוקס-קלאַנער האָט אַ ציטער געטאָן און אָפּגעטראָטן צוריק.

— הערט נאָר איר!—האָט אַ געשריי געטאָן דושעמס, און אין דער שטילקייט האָבן אַלע געהערט—צעגייט זיך אַהיים און נעמט צו מיט זיך אייערע פֿעטער. היינט געהערט די שטאָט צו אונדז און אונדזערע קינדער!

## VII

דאָס, וואָס די קו-קלוקס-קלאַנער האָבן זיך ניט אַנטקעגנגעשטעלט די אַרבעטער, וועלכע דושעמס האָט אָנגעפֿירט, אומגעשטערט דורכגעלאָזן די קינדער אין שטאָט, האָט ניט געקאָנט ניט אויסווייזן פֿאַרדעכטיק.

די יאַטן האָבן זיך געפֿרייט, צופֿרידענע מיט אַזאַ איינגענעמען סאָף, נאָר די דערוואַקסענע אַרבעטער האָבן געשאָקלט מיט די קעפּ און אונטערגעמורמלט:

— ווי עס זאָל זיך דאָרט ניט דרייען, נאָר אָן א געשלעג ווערט מען זיך ניט באגיין! און מען איז זיך ניט באגאַנגען. אָבער געשען איז דאָס ניט אין דעמזעלבן טאָג, נאָר אַף מאָרגן, און ניט אין דער ערשטער שטאָט, נאָר לויטן אויסדריק פון מיליטער-לייט, באַ די צוגאַנגען פון דער צווייטער שטאָט.

אָפן האַלבן וועג צווישן ביידע שטעט האָט דעם וועג דורכגעשניטן ניט קיין ברייטער, נאָר א טיפער טייך, איבער וועלכן עס איז געווען פאַרוואָרפן אַ צווייענדיקער בריק. אויבן זיינען מיט ראַש און לאַרעם געפאָרן באַנען, אונטן זיינען לאַנגזאַם געקראָכן וועגענער פון די פערמערס, טראַקטאָרן און אויטאָמאָבילן. אַף אָט דעם וועג האָט דאָס געדאַרפט דורכגיין און זייער מאַרש קיין וואשינגטאָן די קינדערשע קאָלאָנע.

און אַף דעם בריק האָט זיך דאָס צוליגט די קו-קלוקס-קלאַנער פון ביידע שטעט מיטן פעסטן באשלוס צו מאַכן די קינדער אַ באַר.

ווען די יאַטן זיינען אויפגעשטאַנען אינדערפרי און אָנגעהויבן גרייטן זיך צו זייער ווייטערדיקן וועג, איז אין קלוב געקומען דער אַלטער דזשעטס און מיט אים נאָך עטלעכע יונגע אַרבעטער באַכערים.

— אָט וואָס האָבן זיי געזאָגט צו די מיטגלידער פון קאָמיטעט: מיר וועלן אייך היינט ניט אָפלאָזן.

— פאַרוואָס? — האָבן זיך די קינדער פאַרוואונדערט.

— ערשטנס דערפאַר, וואָס איר זיינט גוט פאַרמאַטערט און איר דאַרפט אָפרוען ווי געהעריק. צווייטנס דערפאַר, וואָס היינט איז שאבעס און מיר קאָנען אייך ניט באגלייטן ביז דער ווייטערדיקער שטאָט.

דער קאָמיטעט האָט פראָטעסטירט.

— ווען דער מידקייט לוינט ניט צו ריידן: מיר וועלן אָפרוען אין וואשינגטאָן, און וועגן באגלייטונג — אַ גרויסן דאַנק, מיר אַיילן זיך זייער.

דזשעמס האָט זיך צוגעזעצט אַף אַ טאַבורעטקע, און רויכערנ-דיק זיין לאַנגע יאַמשענע ליולקע, האָט ער אָנגעהויבן דערקלערן די יאָטן אַין וואָס דאָ גייט.

די יאַטן האָבן אויסגעהערט די מיטיילונג וועגן דער נייער האַמצאָע פון קו-קלוקס-קלאַן און געבעטן בא די אַרבעטער, זיי זאָלן זיי געבן צייט צו באַטראַכטן די לאַגע. אין צען מינוט אַרום האָבן זיי געמאָלדן זייער באַשלוס:

— דער קאָפּיטעם האָלט, אַז די קינדער האָבן ניט קיין רעכט צווינגען די עלטערע אַרבעטער אַריינלאָזן זיך אין אַ געשלעג. וועלכער קאָן זיך שלעכט אויסלאָזן. די קינדער וועלן גיין אַרום און מיידן די אומאָנגענעמע ערטער.

געשטיצט פון די יונגע באָכערים, האָט דזשעמס פּראָטעסטירט.

— איר וועט אונדז מיט דעם באַליידיקן. איר האָט איינמאָל אונדז געגעבן אָנצונעמען אַ שלאַכט, וואָס איז, צום גליק, אַריבער אָן בלוט-פאַרגיסונג, דאַרפט איר אונדז העלפן דערפירן די זאַך ביזן סאָף.

מיט דעם, וואָס איר וועט בלייבן ביז מאָרגן דאָ, וועט איר טאָן אַ גרויסע טויווע דער גאַנצער אַרבעטער-באַוועגונג פון אַמעריקע.

אַזוי ווי די קינדער האָבן, קענטיק, ניט פאַרשטאַנען וועגן וואָס עס האַנדלט זיך, האָט ער אנגעהויבן די זאַך זיי קלאָר מאַכן, שטרענג און ערנסט.

— איר פאַרשטייט אַליין ניט, וואָס פאַר אַ גרויסע זאַך איר טוט.

— מיר טוען אַלץ, קעדיי צו העלפן אונדזערע פאָטערס.

— צי וועט איר העלפן די פאָטערס, צי ניין — איז נאָך אַ גרויסע פראַגע, נאָר די אַרבעטער פון יענע שטעט, דורך וועלכע איר גייט דורך, העלפט איר, איר העלפט זייער שטאַרק.

ביל האָט אַ שמייכל געטאָן.

— ביז איצט, האָבן מיר געמיינט, אַז די אַרבעטער העלפֿן אונדז, און מיר פֿאַלן זיי נאָר צו לאַסט. פֿירן זיי אריין אין אי־בעריקע, שווערע הויצאָעס.

— וועגן דעם רעט איר?

דושעמט האָט געגעבן אַ ברייטן מאַך מיטן האַנט אַף די טישן מיט די רעשטן פֿון דעם נעכטיקן אָונטבריט.

— וועגן דעם אויך און וועגן פֿיל אַנדערע זאַכן, וואָס איר און אַנדערע האָבן געטאָן פֿאַר אונדז.

— אָט וואָס קינדער — האָט געזאָגט דושעמט און זיין שטים האָט געציטערט, — דאָס אַלץ זיינען קלייניקייטן. דאָס אַלץ דעקט ניט אַפֿילע אין אַ הונדערט טייל דאָס, וואָס איר גיט אונדז. איך זאָג, איר פֿאַרשטייט אליין ניט, וואָס איר טוט אונדז! דושעמטס יונגע כאוויירים האָבן אים אונטערגעהאלטן.

— ווען ניט איר, ווער ווייס ווען אינדזערע וואָלטן זיך דאָס צעוואַרעמט אַף מעסטן זיך מיט די קייכעס מיט קו־קלוקס־קלאַן? נאָר אָט זייט איר געקומען... אָט דידזשאָזיקע מיידעלע האָט אונדז אַלעמען אָנגערופֿן פֿאַכדאָנים און...

מערי האָט זיך אריינגעמישט:

— איך פֿאַרשטיי, דוכט זיך, — האָט זי געזאָגט, — איך האָב געהערט אזא פֿאַסיקן וואָרט און אויב ער פּאַסט זיך... איז... ווי זאָגט מען דאָס... מיר אַגיטירן?

— אָט דאָס טאקע, איר רעגט אויף, איר צווינגט אַפֿילע די שטילסטע און רויִקסטע צו פֿאַרקוועטשן די פֿויסטן. ניט יעדער וועט דערלויבן, מען זאל מיט קינדער אָפּטאָן אַזוינס, וואס מען טוט אָט מיט אים גופֿע, פֿאַרשטאַנען?

— הייסט דאָס איר ווילט, אז מיר מיט אינדזערע פלאקאטן זאָלן אייך פֿירן אַף קו־קלוקס־קלאַן?

— דאָס וועט אייך ניט אויסקומען צו טאָן. אין א געפֿערלעכן פּלאַץ וועלן מיר אַייך ניט לאָזן. נאָר מיר דאַרפֿן, אז איר זאָלט זיין אַ נייע סיבע פֿאַרן קאמף.

— און עפּשער זאָלן מיר פֿאָרט אַוועקגיין היינט?

— דאַן וועלן די, וועלכע זיינען נעכטן גרייט געוועזן וואַרפֿן זיך אין שלאַכט, מאָרגן דאָס ניט וועלן טאָן. און עס וועט ניט זיין צוליב וואָס. איר וועט אַרומגיין אומזיסט ראַיאָן, די קו-קלוקס-קלאַנער וועלן שטיין אויפֿן בריק, וואַרטן און פֿאַנאַנדער-גיין זיך.

— און אַז מיר וועלן פֿאַרבלייבן?

— וועלן מיר מאָרגן ווידער אויפֿזאַמלען די אַרבעטער, אויפֿזאַמלען און זאָגן זיי: „אָט האָבן זיך די יאַטן באַ אונדז פֿאַרהאַלטן, ווייל זיי זיינען געווען זייער מיד און האָבן ניט געקענט ווייטער גיין. היינט וועלן זיי דעם וועג פֿאָרזעצן, נאָר דאָרט אויפֿן בריק שטייען די קו-קלוקס-קלאַנער, וועלכע וועלן זיי אַלע דערטרינקען, דאַרף מען העלפֿן די קינדער". אָט וואָס מיר וועלן זאָגן די אַרבעטער.

— און איך וואָלט דערמיט וועלן זען יענעם, וועל עס וועט בלייבן אינדערהיים—האָט איינער פֿון די באַכערים צוגעפּגע-דריקט די פֿויסטן.

— אויב דאָס וואָלט געווען מיין פֿאָטער, וואָלט איך זיך אָפּגעזאָגט פֿון אים.

— וואָס-זשע—האָט געזאָגט ביל,—איך רעכן, אַז מיר דאַרפֿן בלייבן.

די איבעריקע מיטגלידער פֿון קאָמיטעט האָבן זיך פֿאַראייניקט צו בילס מיינונג.

אינאָוונט זיינען דריזעלבע דריי געקומען צו די קינדער און זיי פֿאָרגעשלאָגן איינאָרדנען פֿאַר זיי אַ פֿאַרזאַמלונג מיט אַ פֿאָרט-ראָג. דער קאָמיטעט האָט דעם פֿאָרשלאַג אָנגענומען מיט באַגייסטערונג. און אין אַ שאָ אַרום האָט זיך אויפֿן פּלאַץ פֿאַרן קלוב פֿאַרזאַמלט אַלע אָנטיילנעמער פֿון מאַרש, גרייט צו אויסהערן דעם רעדנער.

צו אַלעמענס גרויסער פֿאַרוווּנדערונג איז אָפּן טריבונע אַרויף אַ ייִנגל. לויטן אויסזען איז אים געווען ניט מער פֿון 14—15 יאָר. נאָר ווען ער האָט אָנגעהויבן רעדן, זײַנען אַלע דורכגעדרונגען געוואָרן מיט אַכטונג צו אים. אין זײַן יוגנטלעכן קאָפּ האָט זיך געפֿונען אַסאַך וויסן, און, דאָס, וואָס ער האָט געזאָגט, איז גע-ווען אַזוי שפּאַנענדיק אינטערעסאַנט. דעם ייִנגלס יעדער וואָרט איז פֿאַר די צוהערער געווען ווי אַ שליסל, וואָס עפֿנט די שלע-סער פֿון די ביז איצט פֿעסט פֿאַרמאַכטע טירן. דאָס, וואָס ס'האָט ביז איצט אומקלאָר זיך געפּלאָנטערט אין אייניקע מוחעס, האָט זיך איצט אויפֿגעקלערט און זיי מיט אַ גלייכן באַנעמען פֿון די זאַכן און געשעענישן.

פֿון פּרעזידענט וועלן זיי זיך גאָרנישט דערשלאָגן, דער פּרעזידענט וועט זיי געוויס ניט אָפּגעבן. פֿונדעסטוועגן איז דער מאַרש אַ גוטע און נוציקע זאַך. ערשטנס, גיט ער זיי אַן אָנשוילעכע לעקציע פֿון דעם, וואָס פֿאַר אַ באַדײַטונג עס האָבן אַרבעטער, פֿאַראייניקטע מיט איין ציל אין איין אָרגאַניזאַציע. צי דען וואָלטן זיי יעדער באַזונדער געקאָנט אָפּטאָן אַזאַ זאַך?

— מערי, דזשאָי און ביל האָבן זיך דערמאָנט אַף זייער פּרווו צו פֿאָרן מיטן באַן און האָבן זיך איבערגעקוקט איינע מיטן אַנדערן.

— אָט דערדאָזיקער באָכער פֿאַרשטייט גוט אין די זאַכן,— האָט אַ מורמל געטאָן ביל.

— אוהאַ!—האָט געענטפֿערט מערי, וואָס האָט מוירע געהאַט צו דורכלאָזן איין וואָרט פֿון דעם, וואָס עס האָט גערעדט דער רעדנער.

יענער האָט פֿאַרגעזעצט.

עס שטייט איצט פֿאַר זיי אַ נייע גרויסע אויפֿגאַבע. יענע אָרגאַניזאַציע, וואָס זיי האָבן געשאַפֿן פֿאַרן מאַרש, דאַרף מען אײַנהיטן אַף ווייטער. די אָנגעהויבענע אַרבעט דאַרף מען דער-פֿירן ביזן סאָף.

נאָר די ארבעט, וואָס זיי האבן אָנגעהויבן—דאָס איז דאָך די באַפרייונג פון זייערע פאָטערס. וואָס זיי קאָנען טאָן פאַר דעם?—נו, געווים ניט בעטן דעם פרעזידענט, ניט אָפּשלאָגן די שוועלן פון די וואַשינגטאָנער פּאַלאַצן. קעדיי זייערע פּאָטערס זאָלן ווערן באַפרייט, דאַרפן זיי, די קינדער, קעמפן פאַר פרייהייט.

ווי זאָלן זיי קעמפן? וואָס קאָנען זיי טאָן מיט זייערע קינדערשע קויכעס און מיט זייער קינדערשן סייכל?—גאָר ניט אַזוי ווייניק, ווי זיי מיינען. פריער פון אַלק העלפן די דערוואַקסענע, וועלכע פירן שוין דעם קאַמף—די קאָמוניסטן. יאָ, יאָ די קאָמוניסטן און אַלע ערלעכע און באַוווסטזיניקע אַרבעטער. און כוך דעם, גרייטן זיך זעלבסט צום קאַמף. דאָס אַלטע עלטערס זיך און דאָס נייע קומט אַף פאַרבייטן.

צי זיינען שוין פאַראַן קינדער, וואָס טוען דאָס, וואָס ער זאָגט? אָ, פיל און זייער פיל! אָ, ניט נאָר אין אַמעריקע! אומעטום אין דער גאַנצער וועלט. און פריער ווי אַלק—אין ראַטנרוסלאַנד. וואָס? זיי ווייסן אַלע, וואָס איז אַזוינס ראַטנרוסלאנד? זיי ווילן הערן פראַטים?

דער פּאָרטראַג פאַרציט זיך. עס זיינען שוין געווען צוויי האַפּסאַקעס, נאָר די צוהערער ווערן ניט פאַרמאַטערס. און ווען דאָס יינגל אַפן טריבונע פאַרענדיקט סאָפּקאָלסאָף, ווישנדיק זיך דעם שוויס, וואָס רינט אַראָפּ פון זיין הויכן ניט קינדערש-מעשופּעדיקן שטערן, שטייט אויף אין די פאָדערשטע רייען ביל און זאָגט:

— דו ביסט זייער מיד, נאָר מיר בעטן. איך דענק, אַז מיר אַלע בעטן. דערצייל אונדז נאָך, מיר ווילן זייער הערן.

דאָס יינגל, וואָס האָט געהאלטן דעם פאָרטראָג, הויבט אויף די מידע אויגן.

— וועגן וואָס ווילט איר נאָך הערן?

— וועגן לענינען.

און הינטערשטע קינדערשע שטימען כאַפּן אונטער דעם נאָמען. דערוואָקסענע רופֿן זיך צו נעענטער צום טריבונע. דאָס אָרט פֿון ערשטן רעדנער פֿאַרבייט אַ צווייטער — דער אַלטער דזשעמס, דער דזשעמס, וואָס איז אַליין געווען אין רוסלאַנד און געזען לעניגען.

צעטראָגנדיק אים איבער אַלע ווינקעלעך פֿון פּלאַץ. דערוואָקסענע

# VIII

דער זונטיקדיקער פֿרימאָרגן האָט זיך אַיינגעגעבן אַ לויטערער און אַ הייסער. די צאָל פֿון די קו-קלוקס-קלאַנער באַם בריק האָט זיך פֿאַרגרעסערט קימאַט אינצווייען. און די רעוואָלווערן באַ אַסאַך פֿון זיי אין די הענט האָבן געגעבן וועגן דעם פֿאָרשטייענדיקן ערנסטן איניען.

די אַרבעטער האָבן נים אָנגעטאָן, ווי געוויינטלעך, זייערע יאָנטעוודיקע קאָסטיומען און זיינען אַרויס אין גאַס אין פֿאַרשמאָלצענע בלוזעס.

דער אַלטער דזשעמס, וואָס איז, ווי נאָר באַגינען, אַרויס פֿון בעט, האָט געהאָוועט און געמאַכט פֿאַראָרדענונגען.

דריי אויסשפּירער, וואָס האָבן זיך אומגעקערט פֿון טייך, האָבן דערציילט וועגן דער לאַגע, דזשעמס האָט זיך פֿאַרטראַכט און לאַנג ארומגעשפּרייזט איבערן זאַל פֿון קלוב, צופּנדיק די גראָע וואָנצן.

— ביל האָט ער צו זיך אַרופֿגעטאָן דאָס יינגל וועלכער האָט אים נאָכגעקוקט.

— נו?

— דיר וועט אויסקומען דורכפֿאָרן זיך אַף אַ לאָקאָמאָטיוו אין דער דערבייקער שטאָט.

— איינער אַליין?

— ניין, מיט דיר וועט פֿאָרן יענער יאַט, וואָס איז נעכטן אַרויסגעטראָטן מיטן פֿאָרטראַג.

— און וואָס דאַרפֿן מיר טאָן?

— מיר דאַרפֿן צוגרייטן אַן אָנפֿאַל אַף דעם סויבע אין דוקן.

— איך פֿאַרשטיי, מען דאַרף צוריידן די אַרבעטער...

— דאָרט וועט ניט אויסקומען צו ריידן. דאָרט איז פֿאַראַן אַ שטאַרקע יוגנט-אָרגאַניזאַציע.

— מען דאַרף פֿאָרן באַלד?

— שוין.

— אויב מען קאָן, וואַרט אויף 5 מינוט.

— וואָס?

— איך בין דער פֿאָרזיצער פֿון קאָמיטעט, איך דאַרף מאַכן פֿאַראָרדענונגען, לאָזן אַ פֿאַרטרעטער.

דזשעמס האָט אַ שמייכל געטאָן.

— ווי עס ווייזט, איז בא אייך אַ מוסטערהאַפֿטע אָרדענונג.

— אָן דעם וואָלטן מיר ניט געקענט דערגרייכן אונדזער ציל.

— גיי—האָט געזאָגט דזשעמס—איך וועל אַף דיר וואַרטן צו-זאַמען מיט דיין באַגלייטער.

אַף דער אייזנבאַן-סטאַנציע האָט אים דזשעמס באַקאָנט מיט אַ יונגן מאַשיניסט, וואָס האָט געדאַרפֿט פֿירן דעם לאָקאָמאָטיוו אַף דער שכיינעסדיקער סטאַנציע. דער מאַשיניסט האָט זיי דורכ-געפֿירט אין דעפּאָ און דאָרטן געהייסן זיי קריכן אַף די קוילן. די ייִנגלעך האָבן זיך אָפּגערייניקט אַ שטיקל פּלאַץ, זאָל זיין גענוג אַף צו ליגן דאָרט זאַלבענאַנד, צוגעדריקט זיך איינער צום צווייטן; פֿון אויבן האָט מען זיי באַדעקט מיט אָניטשעס.

— רירט זיך ניט און רעט ניט, ביזוואַנען דער לאָקאָמאָטיוו וועט זיך רירן.

א מינוט צען זיינען זיי בעלעגן שווייגנדיק, נאָר בילן האָט געמאַטערט די נייגעריקייט: פאָרן מיט א יאָט, וואָס ווייס אזוי-פיל, און ניט פאַנאַנדערפרעגן אים וועגן אַלץ אין דער וועלט, צי דען קאָן מען דאָס? שעפּטשעדיק האָט ער געשטעלט פראַגן און אויסגעהערט גאַנצע פאָרטראַגן, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן גלייך אים אין אויער אריין. בילס פראַקטישער סייכל האָט אָפּגעשטעלט זיין אויפמערקזאמקייט מער פון אַלץ אף דעם, ווי מען רעגולירט די קינדער-באַוועגונג, ווי מען אָרגאַניזירט די יאַטן אין גרופן, אף וואָסער אויפן בעסער און ברייטער געבן הילף די עלטערע.

צוליבן געשפרעך האָבן זיי ניט באמערקט, ווי דער מאשיניסט מיט זיין געהילף האָבן פאַרנומען זייערע פלעצער. אז מען קאָן ארויסקריכן אַף דער ליכטיקייט, האָבן זיי זיך באַדאַנקט ערשט דאַן, ווען מען האָט פון זיי אָראָפּגעשלעפּט די אָניטשעס און געפרעגט:

— איר זייט אַנטשלאָפן געוואָרן, צי וואָס?

דער מעכטיקער לאָקאָמאָטיוו האָט אין עטלעכע מינוט דורכגעמאַכט דעם שטעג, וואָס האָט אָפּגעטיילט איין שטאָט פון דער צווייטער. ווען זיי האָבן זיך דערנעענטערט צו דער סטאַנציע, זיינען זיי ווידער פאַרקראָכן אין די קוילן און ווידער צוגעדעקט זיך מיט אָניטשעס און פאַרלאָזן דעם לאָקאָמאָטיוו ערשט דאַן, ווען ער איז מאַנעווירנדיק אַריבער אף א נעבן-ליניע. באַדאַנקענדיק דעם מאַשיניסט, זיינען זיי ארויסגעקראָכן און אַוועקגעשפּאַנט אין דער ריכטונג צו די הייזלעך, וואָס האָבן זיך געזען פונדערווייטן, און געוואונדערט זיך איבער דער אייגנארטיקייט פון זייער אַרכיטעקטור.

בילס באַגלייטער האָט געזאָגט:



— דאָס איז אַן אַרבעטער-שטעטל. דער פֿאַבריקאַנט האָט דאָס אויסגעבויט די הײַזלעך פֿאַר זײַנע אַרבעטער און פֿאַרדינגען זיי פֿאַר ניט קיין גרויסע דירה-געלט.

— ער איז, הייסט עס, אַ גוטער.

— ווער?

— דער יונגער פֿאַבריקאַנט?

— ער איז אזא אויסוואורף, ווי אלע.

— און די הייזלעך?

— וואָס—די הייזלעך?

— אויב ער איז אזא, ווי אַלע, פֿאַרוואָס האט ער געגעבן די אַרבעטער הייזלעך?

— קעדיי שטארקער צוביגדן די ארבעטער צו זיין פֿאַבריק. דער ארבעטער, בא וועלכן ס׳איז פֿאַראַן אַ הייזל, וועט זיין אַרבעט אזוי גרינג ניט וואַרפֿן.

— דאָס הייזל איז, ווי אַ שווערע מאַסע, אַף זיין האלדז.

— אַזוי איז דאָס. גוטס איז אין די הייזלעך זייער ווייניק. זיי זיינען קליין און ניט באקוועם.

— דערפֿאַר זיינען זיי אייגענע!

— אָט אַזוי דענקען אויך די אַרבעטער און ווערן געכאפט אַף דער ווענטקע.

— איז דאָס דען פֿאַלש?

— נו געוויס, פֿאַלש. ווען דעם ארבעטער פֿארווילט זיך וואַרפֿן די ארבעט אָדער פֿאַרשטרייקן, האָט ער מוירע דאָס צו טאָן, קעדיי ער זאָל זיין הייזל ניט פֿאַרלירן, נאָר ווען דער פֿאַבריקאנט דאַרף ארויסוואַרפֿן אַן ארבעטער...

— וועט ער אים פֿון הייזל ארויסשליידערן?

— אָן קיין שום טאַינעס!

ביל האָט זיך פֿאַרטראַכט.

— הייסט דאָס, אונדז וועט זיין שווער צו צוריידן די אָרטיקע אַרבעטער.

— מיט אַ יאָר צוריק וואָלט דאָס געווען שווער.

— און איצט?

— און איצט איז דאָ פֿאַראַן א ליגע פֿון דער קאמוניסטישער יוגנט, צוויי קינדערשע קאמוניסטישע גרופן, זיי וועלן אונדז אונטערהאלטן, און אויב מען וועט דאַרפֿן, וועלן זיי גיין שלאָגן זיך.

— העלדיש!

ביל האט אינסטינקטיוו געפילט, אז בא אזא אַרבעט וועט ער געפינען דאַס, וואָס עס האט שוין לאנג געפעלט זיין ברוויזנדי-קער נאַטור. דאַס איז ניט דאַס, וואָס שלאָגן זיך מיט ייִנגלעך פון א צווייטן קווארטאַל אין דער אייגענער שטאָט; דאָס איז ניט דאָס, וואָס לויפן איבער די גאַסן און פאַרטשעפען זיך מיט די ייִנגעלעך און מיידעלעך—דאַס איז אַן אַרבעט, אַן עפעס אר-בעט, אין וועלכער מען קאָן זיך ארויסווייזן אינגאַנצן.

ער האט אָנגעכאפט זיין באגלייטער פאַרן האַנט.

— הער נאָר?

— נו?

— דו וועסט קומען אין אונדזער שטאָט העלפן אונדז?

— צו וואס? איר וועט אויסקומען אָן מיר.

— ניין, קום.

— ניט קערעי. איר האָט שוין געמאַכט אַן אָנהויב, אַזעלכע ווי דו, דערנאָך אָט דאָס מוזיקע מיידעלע...

— מערי.

— אָט-אָט, מערי. אַזעלכע, ווי איר, וועלן קאָנען איינשטעלן די ארבעט. איך דאַרף זיין נאָך אין אנדערע ערטער—אין אזעל-כע, ווו די קינדער האבן זיך נאָך ניט אופגעהויבן, ניט אָנגעהויבן רירן זיך.

— פונדעסטוועגן. מיר וועלן ניט קענען ריידן מיט זיי, אַזוי ווי דו, ניט האלטן אזעלכע פאַרטראָגן.

— איר וועט קענען! מען דאַרף צו דעם האבן אַביסל גע-וואָינהייט.

— און אַסאַך וויסן.

— נו, ווייסטו, וואָס איך וועל דיר זאָגן: אויב איר האט זיך ניט דערשראָקן צו לאָזן זיך אין אַ מארש קיין וואַשינגטאָן, וועט איך דען אָפשרעקן דאָס לערנען?

ביל האט אַ טראַכט געטאָן וועגן דזשאָי, וואס פלעגט יעדער פרייע מינוט פאַרברענגען באַם בוך, וועגן מערי, וואָס האט עס-

לעבע מאָל איבערגעלייענט די צעפּליקטע און פֿאַרשמירטע פֿון לאַנגן געברויך און שטענדיקן בייטן די באַלעבאַטים „סאָס סאָיערס פּאַסירונגען", און ער האָט געענטפֿערט:

— געוויס נים. אונדזערע יאַטן האָבן ליב צו לייענען, נאָר זיי ווייסן נים, וואָס צו לייענען.

— אין דעם וועט מען אייך העלפֿן. מען וועט אייך שיקן רעשימעס פֿון ביכער אַף לייענען, און אויב איר וועט זיין אים־שטאַנד צונויפֿקלייבן כאָטש איין סענט פֿון יעדער איינעם,—וועט אין אייער ביבליאָטעק זיין גענוג מאַטעריאַל.

— צו איין סענט? צו איין סענט וועלן מיר קאָנען זיך אן איבעריקן מאָל אָפּזאָגן פֿון נאַשעריי.

_און אין דער צייט, וואָס זיי זיינען געגאַנגען פֿאַרבײַ די פֿאַק־הייזער און אייזנבאַן־געביידעס, האָט ביל זיך געמאָלט אין זינען אַ בילד פֿון זייער צוקונפֿטיקער אַרבעט. זיין פּראַקטישער סייכל פֿון אַן אַמעריקאַנער האָט געזען פֿריער פֿון אַלץ אַ גאַנצן באַרג מיט סענטן, וואס די יאַטן ברענגען; ער האָט זיך פֿאָרגעשטעלט, ווי די סענטן ווערן אויסגעגעבן אַף ביכער, וועלכע וועלן ווערן פֿאַנאַנדערגעטיילט די ארבעטלאזע און אָפּגעשיקט ווערן ווייט אין אַנדערע וויסטע לענדער פֿאר די פֿאַרשפּאַרטע אין טורמעס כאַ־ווײרים.

# IX

אַ יונגער אַרבעטער, אויסהערנדיק בילן מיט זיין באַגלייטער, האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

— כ'איז זייער שווער עפּעס וואָס צו טאָן,—האָט ער גע־זאָגט,—זייער שווער!

— פֿאַרוואָס?

— היינט איז יאַנטעוו. עס איז אָנגעפּאָרן אַ וואַנדערנדיקער צירק מיט נאָך אייניקע באַלאַגאַנען. די גאַנצע יוגנט האָט זיך געלאָזן אהין. צונויפגעזאַמלען זיי וועט זיין זייער שווער.

— נאָר אויב עס איז דורכויס נייטיק?

— איך פאַרשטיי. איך זאָג ניט, אַז דאָס איז גאָר אוממעגלעך. נאָר דאָס איז שווער, זייער שווער.

— ווען מיר עפּעס צוטראַכטן זאַלבעדריט.

„זאַלבעדריט!"—זיין באַגלייטער האָט ביל איז באַגייסטערט. ער, ביל, וועט זיך סטאַרען ניט צו פאַראיט פאַר אַ מענטשן. ער, ביל, וועט אומבאַדינגט צוטראַכטן אַ פּלאַן שעמען זיך. און ער, ביל, וועט אומבאַדינגט צוטראַכטן אַ פּלאַן אַ דרייסטן און ריזיקאַלישן, אָבער דעם איינציק-מעגלעכן אין דערדאָזיקער לאַגע.

דער באָכער, צו וועלכן זיי זיינען פאַרגאַנגען, איז זיי מעכאַבעד מיט פרישטיק. ער אליין ציינדט אָן דאָס גאַז-אויוועלע און מאַכט אַ מעכאַיעדיקן פיינקאָכן.

— איר וואָינט אַליין?—פרעגט ביל.

— יאָ, מיינע עלטערן זיינען פאַרבליבן אויף יענער זייט אָקעאַן.

— הייסט עס, ער איז ניט קיין אַמעריקאַנער? און פונדעסטוועגן העלפט ער די אַמעריקאַנער קינדער און די אַמעריקאַנער אַרבעטער. הייסט עס, ס'איז עפּעס דאָס, וואָס נעכטן האָט געאַרבעטער. הייסט עס, די אַרבעטער פון דער זאָגט היינטיקער באַגלייטער. הייסט עס, די אַרבעטער פון דער גאַנצער וועלט—דאָס איז איין גאַנצעס. אַלע—פאַר איינעם, איינער—פאַר אַלעמען!

נאָך פרישטיק גייען זיי דורך זאַלבעדריט די גאַנצע שטאָט. זייער עלטערער באַגלייטער שטעלט אָפּ אַפן וועג אַנדערע, אויך אַזעלכע יונגע, ווי ער אַליין, און רופט מיטצוגיין.

— וואָס האָסטו פאַרקלערט?—פרעגט מען אים.

— איר וועט זען יאָסן, ס'וועט זיין גוט.

ווען זיי זיינען דערגאַנגען צו יענעם אָרט, וווּ די גאַס שטאַרט זיך איין אין אַ גרויסן ליידיקן פּלאַץ, אַן אָנגעפּילטן היינט מיט

ציִרק-ביִידלעך אין באַלאַגאַנעןֿ, האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט נעבן קיאָסק, ווו א הויכער רויטהאָריקער מענטש האט פאַרקויפט ביִ-לעטן.

ביִל באַמערקט מיט פאַרגעניגן, אַז די צאָל מענטשן, וואס האָט זיך אין וועג פאַרייניקט צו זיי, איז א גאַנץ באַדייטנדיקע. יעצט שויִן שטעלן זיי פאַר מיט זיך אַ קראַפט, וואָס ווערט שוין זיין שפעטער, ווען זיין פלאַן וועט אויסגעפילט ווערן?

בא דער קאַסע ציט זיך אַ לאנגע ריי. אויסגעדולדיקע מענטשן שטייען געפּרעסט איינער אָפּן צווייטן, און דער געלער ביִליע-טיאָר באַוויזט קיים אָפּרייסן די בילעטן און געבן אויסגאָב. היינט וועט דער ציִרק און די באַלאַגאַנען מאכן גוטע געשעפטן. צווישן בילס באַגלייטער האָט זיך אויפגעהויבן א טומל.

— אַלאָ, אַלאָ!

— כאַוויירים!

— בירגער!

— אַכטונג, כאַוויירים!

— מיר ווינען געקומען אייך עפּעס זאָגן!

די מענטשן בא דער קאַסע קערן אָן די קעפּ צום טומל, איי-ניקע באַגריסן די טומלער מיט פריילעכע ווונקען.

איינער פון די יונגע קריכט אַרויף אַף די פלייצעס פון זיינע כאַוויירים.

אלאָ! — שרייט ער, פאַראַן וויכטיקע נייעס!

מען הערט אים אויס אומערקזאַם און אָנגעשטרענגט.

— בירגער! מיר לייגן אייך פאָר אַן אויסוואל: אָדער קוקן, ווי אין ציִרק שלאָגן זיך, אָדער אליין זיך שלאָגן.

די ריי בא דער קאסע ווערט שיטערער. אסאך גייען איבער אנטשלאָסן אַף דער זייט פון ביִלן און פון די, וואָס רינגלען אים אַרום. עס קומען צו נייע. מען נעמט זיי אויף, און אין א ווײַלע אַרום זאָגן זיי זיך אָפּ פון צו גיין אין ציִרק.

דער מענטש אין קאַסטע שטעקט אַרויס דעם קאָפּ א קוק צו טאָן, וואָס דאָ איז געשען. ער איז, קענטיק, ווייער אין קאַס.

— איר האָט ניט קיין רעכט אַראָפּרייסן אונדז דעם פּאָר-דינגסט! אויב איר זייט אַרבעטער, דאַרפט איר זיך באַצי'ען מיט אַכטונג צו אונדזער פּראַצע.

מען פּרוווט אים דערקלערן, וואָס עס קומט דאָ פאָר. ער וויל ניט אויסהערן און ענדלעך, אויסשיסנדיק זיין גאַנצן פּעקל זידל-ווערטער, לויפט ער אַרויס פון קאַסטע.

— העי! שרייט ער אין דער ריכטונג פון צירק — מען באַגאַולט אונדז! מען שטערט אונדז פאַרדינען דעם שטיקל ברויט!

די שטים איז בא אים א הילכיקע, ווי פון א טרומייט, און אויף זיין געשריי לויפן זיך צונויף די אקטיאָרן פון צירק און פון די באַלאַגאַנען, לויפנדיק פאַרקאַשערן זיי די ארבל, און די גוואַל-דיקע מוסקולן זייערע זאָגן צו פעסטע קלעפ.

אין דער אַרבעטער-מאַכנע ווערט א באַוועגונג. ווער עס טוט אויס פון זיך זיין ביינעקן וונטיקדיקן פּידזשאַק, ווער עס שפּילעט אָפּ דעם קאָלנער. קעדיי ניט דערשטיקט ווערן ביים געשלעג, אייניקע באַדאַכטערע האַלטן אָפּ די איבעריקע.

— טוט ניט אָפּ קיין נאַרישקייטן, כעווירע!

— מיר טאָרן זיך ניט שלאָגן מיט זיי!

— איר ווילט, אַז עס זאָל קומען פּאָליציי?

— די קינדער וואַרטן אויף אונדז!

— שפּאָרט אייערע קויכעס פאַר די קו-קלוקס-קלאַנער!

ביל ראָסטעווס די לאַגע.

ער כאַפּט זיך אַרויף אויף די פּלייצעס פון איינעם א באָכער און שרייט צו די אנלויפנדיקע צירקלייט.

— הערט מיר אויס, העי, הערט מיר אויס.

אין זיין שטים איז געבעט און באַפעל, אויסגעמישט אינייגעם מיט דער טוירע פאַר א דורכפאַל פון ווייער גאַנצן איניען.

די אַנגעלאָפּענע שטעלן זיך אָפּ ניט ווילנדיק און הויבן אויף די קעפּ צום יינגל.

ביל, וואָס האָט קיינמאָל ניט געקענט ריידן, געפינט ערגעץ אין זיך גוטע ווערטער.



— הערט! — שרייט ער, און אייער קאַסע זיינען שוין דורכגעגאַנגען ניט ווייניק סענטן, וואָס קינדער האָבן אייך אריינגעבראַכט. די קינדער נויטיקן זיך היינט אין אייך.

— וואָס באַלבעט ער?

— וואָס איז געשען?

— וואָסערע קינדער?

דעמלט האָט ביל גיך גענומען דערציילן וועגן וואָס עס האנדלט זיך. מיט פרייד זעט ער, ווי זיינע ווערטער טרעפן אין ציל.

אַ גרויסער מוסקולדיקער מענטש אין טריקאָ, וואָס איז געשטאַנען מער פֿון אַלע פֿאָרויס, פֿאַרבויגט די האַנט זײַנע אַזוי, אַז די מוסקולן אַף איר קלײַבן זיך אויף אין איין גרויסן קנויל.

— עהע! שרייט ער אויס. פּאָדקעוועס בויג איך, פֿינף סענט-שטיקער ברעך איך, אַ בראָך וועט זײַן צו יענעם קו-קלוקס-קלאַנער, וואָס וועט זיך מיט מיר אָנהויבן.

דער מענטש, וואָס איז געזעסן אין קאַסע, מאַכט זי צו בורטשענדיק, די איבעריקע וויצלען זיך מיט אים.

עמיצער פֿון דער מאַכנע ארבעטער שרייט:

— מענטש ניט באַאומרויִקן זיך, געלער! מיר זאָגן דיר צו, אַז אויב דו הויבסט אויף מאָרגן די פּרייזן אַף 100 פּראָצענט, וועלן מיר דיר אָנפֿילן דעם צירק, וויפֿל עס וועט אַרײַן אין אים.

— עמעס! האָבן אונטערגעכאַפּט אַנדערע — אַלע ערטער פֿון דער גאַלעריי ביזן פּאַרטער וועלן ווערן פֿאַרקויפֿט.

— איר קאָנט שטעלן צוגאָב-שטולן!

צוזאַמען מיט די צירק-לײַט האָבן זיך אָנגעזאַמלט אַ מענטשן הונדערט פֿופֿציק. אַלע האָבן זיי זיך אַ לאָז געטאָן איבערן פּלאַץ אַהין, וווּ דער וועג האָט פֿאַרקערעוועט, ווי אַן אויסגעבויגענע פּאָדקאָווע, צום בריק צו, אַפֿן וועג האָט זיך עמיצער דערמאָנט וועגן דער הויפּט-זאַך.

— שטיי, יאַטן. מען קאָן דאָך אַזוי ניט.

— וואָס איז?

— ערשטנס, דאַרפֿן מיר זיך אָרגאַניזירן.

— צווייטנס, ווען זאָלן מיר אָנפֿאַלן?

אַף דער צווייטער פֿראַגע האָט געענטפֿערט דער יאַט, וואָס איז מיט בילן מיטגעפֿאָרן.

מיר דאַרפֿן זיך שטעלן אין וועלדל נעבן בריק. אַהין דאַרף מען זיך פֿאַרקלייבן אַף אַן אומוועג, מיר טאָרן ניט אָנפֿאַלן פֿריִער, איידער די קלו-קלוקס-קלאַנער וועלן ניט אָנהויבן אַ געשלעג מיט די אַרבעטער פֿון דער צווייטער שטאָט.

מען שטעלט זיך אָפּ און מען צעטיילט זיך שנעל אַף צענד־ליקער. יעדער צענדליק ווילט אויס זיין קאָמאַנדיר און יעדער צענדליק גייט אַוועק צום זאמלפונקט, האלטנדיק זיך אַף אַ היפּשער שטרעקע איינער פון דעם אַנדערן. אַז מען זאָל קוקן פון דער זייט בריק, האָט זיך געקענט דוכטן, אַז גרופּן שפּאַצירן גייען דאָ אַפן זונטיקדיקן שפּאַציר אין פעלד.

די קו־קלוקס־קלאַנער זיינען געווען רויק. נעכטן, ווען די קינדער האָבן זיך ביזן אָוונט ניט באוויזן אַפן וועג, האָבן זיי זיך עטוואָס באַאומרויקט, מיינענדיק, אַז די קאָלאָנעס זיינען זיי בעגאַנגען ארום, נאָר ווייטערע אויספאָרשער האָבן זיי געמאָלדן וועגן דער סיבע פון דעם אָפּהאַלט:

— די קינדער האָבן זיך אַזוי אויסגעמאַטערט אין וועג, אַז זיי קאָנען זיך ניט אויספּאָפן אין איין נאַכט.

— איז נאָך בעסער! וועט מען ווייניקער דאַרפן זיך אייסיקן מיט זיי, ווען זיי זיינען פאַרמאַטערט.

וועגן דער מעגלעכקייט פון אַן ערנסטער שלאַכט האָט קיי־נער ניט געטראַכט. וואָס פאַר א שלאַכט קאָן זיין מיט יינגלעך! עס וועט ניט אַריבער קיין פינף מינוט, ווי אלע מיידלעך און יינגלעך וועלן פליִען אין טייך. און ווייי וועט זיין צו די פון זיי, וואָס קאָנען ניט שווימען.

די ערשטע אופרודערנדיקע נייס איז געקומען פון טיל. אַן אויסגעפּראַנטעוועטער און אנגעפּודערטער כעוורעמאַן איז צוגע־פאָרן אַף אַ וועלאָסיפּעד און אופגערעגט, פאָכנדיק מיטן האַנט אויסגעשריען:

— ווער איז דאָ דער קאָמאַנדיר?

דער קאמאַנדיר איז צוגעגאַנגען צו אים.

— וואָס האט דאָרטן נאָך געט־אָפּן?

— אַרבעטער גייען אהער.

— אַרבעטער?

— אַרבעטער און צירק־לייט.

— איך פאַרשטיי גאָרנישט.
— ניטאָ וואס צו פאַרשטיין. אין א פאָר מינוט אַרום וועלן
זיי אָנפאַלן אַף אונדז דערלאַנגען פייער.
— אָ, צום שוואַרציאַר.

דער קאָמאַנדיר האָט פאַרביסן די ליפּ. ס'איז נויטיק אָנעמען
דרינגענדיקע מיטלען. ווי עס ווייזט אויס, האָט מען אין שטאָב
דערשמעקט זייער פּלאַן און באַשלאָסן ניט לאָזן זיי אָפּרעכענען
זיך מיט די קינדער. גוט. אויב אַזוי...

ער האָט זיך באַקלערט. פון יענער זייט גייען קינדער, הייסט
עס, אַז עס איז גענוג אויסצושטעלן קעגן זיי ניט קיין גרויסע
גרופּע שטאַרקע און פלינקע יונגע לייט. די מערהייט גוטבאַוואָפנ-
טע דאַרף מען אָבער איבערוואַרפן אַהער אַף אָפּצושטויסן די
אַרבעטער.

דער קאָמאַנדיר גיט אָפּ פאַראָרדענונגען. זיינע אונטערגעגע-
בענע לויפן צו איינער נאָכן אַנדערן, הערן אויס זיינע קורצע
אָפּגעריסענע באַפעלן און פירן אָפּ זייערע גרופּן אין די אָנגעוויי-
זענע ערטער.

— איצט איז אַלץ אין אָרדענונג.
— איר וואַרט אָפּ קומען פון די אַרבעטער, און אָן קיין
האַסראַע אָנהויבן אַף זיי אַ שיסעריי.
— איר פאַלט אָן אַף די קינדער און לאָזט זיי ניט קומען צו
זיך. אין וואַסער אַריין — אַן טאַינעס!

אַליין בלייבט דער קאָמאַנדיר אָפּן מיטן בריק און גיט אַכ-
טונג דורכן בינאָקל אַף יענער זייט, פונוואַנען עס דאַרפן זיך
ווייזן די אַרבעטער פון דער צווייטער שטאָט. ער זעט איינציקע
קליינע גרופּן מענטשן, וואָס שפּאַצירן איבערן פעלד. ער שמייכלט.
ס'איז אים ניט אַזוי גרינג אָפּצונאַרן. קלאָר, אַז די גרופּן זיינען
ניט קיין פרידלעכע בירגער מיט זייערע פאַמיליעס. ערשטנס, קי-
מאַט קיין איין פרוי. צווייטנס — אַלע גייען זיי צו איין אָרט —
נום וועלדל. נאָר מאָדנע איז דאָס, וואָס צווישן זיי מערקן זיך

פיגורן, וואס דערמאנען מיט זייערע קאסטיומען צירק-קלאונען און אקראבאטן. עס קאן זיין, אז עס איז טאקע א פריילעכער שפאציר. א ספעקטאקל אף דער פרייער לופט — אין וועלדל.

אט שטעלן זיך אט צוויי גרופן און זעצן זיך גלייך אין גראז דער מענטש אין געלן טריקא פירט אויס אקראבאטישע נומערן, דערנאך פארבייט אים א טענצערן. דער קאמאנדיר לאזט אראפ דעם בינאקל. קענטיק, דא איז עפעס ניט גלאט, עפשער זיינען די ארבעטער נאך ניט ארויסגעגאנגען און מען דארף זיי דער-ווארטן ניט אזוי גיך?

עמיצנס א האנט לייגט זיך ארויף אף זיין פלייצע. ער קערט זיך אום. לעבן אים שטייט איינער פון זיינע געהילפן.

— ס'האט געמוזט פארקומען א מיספארשטענדעניש, קאמאנ-דיר, זאגט ער.

— מעגלעך, דער יונגערמאן האט אוואדע אנגעפלאנטערט. די ארבעטער טראכטן אפילע ניט אנצופאלן אף אונדז.

— פארקערט, קאמאנדיר, פונדארטן גייט א גאנצע מענגע ארבעטער.

דער קאמאנדיר קערט זיך אום, איינעסנדיק זיך מיט די אויגן אין די גלעזלעך פון בינאקל אזוי, אז עס הויבן אים אן ווייטאן די ווייס, צוריקריידנדיק, קאן מען זיך באגיין גאר אן א בינאקל. פון יענער זייט, פון וועלכן מען דערוואַרט די קינדער, גייט גלייך אף זיי א געדיכטע מאכנע מענטשן אין בלוזעס און אין קעפקעס. איבער דער מאכנע וויגן זיך גראבאייזנס און קירקעס, ווו-ניט-ווו טארטשען האלאבלעס מיט זייערע שפיצן גלייך אין הימל אריין.

דער קאמאנדיר ווערט פארציטערט. ער טראגט אונטער צום מויל א פייפל. אף דעם דרייפאכן סיגנאל זיינעם לויפט אונטער דער קאמאנדיר פון דער צווייטער גרופע.

— וואס וועט איר באפוילן?

— ווארפט זיך איבער, אהין, שנעל.

— איך הער!

די גאַנצע מאַסע קו-קלוקס-קלאַנער קוועטשט זיך צונויף אַפֿן בריק אין איין קנויל, זיי טראַכטן שוין ניט וועגן אָנפֿאַלן, נאָר וועגן באַשיצן זיך.

עמיצער פֿון די אַרבעטער לייגט פֿאָר שיקן אַ פּאַרלאַמענטאַר און פּרוּוון פֿאַרענדיקן מיט אַ שאָלעם, נאָר מען איז אַף אים אָנגעפֿאַלן.

— מען קאָן רעדן מיט זיי ריידן? זיי וועלן נאָך דעם פּאַרלאַמענטאַר אַראָפּלאָזן אין טייך—און אַ סאָף צום אייסעק.

— ריכטיק, מען דאַרף אַרבעטן מיט קויעך און גאָר!

דושעמס מיט נאָך צווייען, וואָס זיי איז באַקאַנט געווען די מיליטערישע קונסט, האָבן אָנגעפֿירט מיט די אַרבעטער. אַף אַ דרייסיק טריט פֿון בריק האָבן זיי צעשאָטן די גאַנצע מאַסע אַרבעטער אין אַ קייט, און אַדאַנק דערדאָזיקער פֿאָרזיכטיקייט, האָבן די ערשטע שאָסן פֿון קו-קלוקס-קלאַנער פֿאַרהעלטענישמעסיק ווייניק געשאַט. באַ עמיצן האָט מען אָפּגעשאָסן אַן אַפּסאַק, עמיצן האָט אַ קויל דורגעלעכערט די קעפּקע.

דער צווייטער רעוואָלווער-זאַלפּ האָט איין יונגן מאַן אַ וואָרף געטאָן אַף דער ערד. קרעכצענדיק און אָנכאַפּנדיק זיך מיטן האַנט פֿאַרן ברוסט, איז יענער אַוועקגעקראָכן אָן אַ זייט. דעמאָלט האָבן די אַרבעטער מיטאַמאָל אַ וואָרף געטאָן זיך פֿאָרויס. נאָך צוויי זאַלפּן, נאָך עטלעכע געפֿאַלענע, און אָט האָבן זיך שוין אַפֿן בריק באַגעגנט די קעגנער ברוסט צו ברוסט. מען האָט אָנגעהויבן אַרבעטן מיט גראַבאײַזנס און קירקעס. עס האָט זיך צעפּייפֿט אין עמיצנס מעכטיקע הענט אַ האָלאַבלע, אָפּצייכענענדיק אינדערלופֿטן ברייטע קרייזן און אַראָפּלאָזנדיק זיך מיט אַ מוירעדיקער קראַפֿט אין די קעפּ פֿון קו-קלוקס-קלאַנער.

נאָר די קו-קלוקס-קלאַנער זיינען בעסער באַוואָפֿנט. ניט ריידנדיק שוין פֿון די רעוואָלווערן, וואָס זיינען פֿאַראַן קימאַט באַ יעדן, שיסן זיי, פֿון גאָר נאָענט, פֿון נייענקע ווינטשעסטערן. די רייען פֿון די אַרבעטער ווערן שיטער מיט יעדן שאָס. נאָך

עטלעכע מינוט — און דער זיג וועט נאָך זיין אויף דעם סוינעס צאַד.

דער אלטער דזשעמס, וואָס שלאָגט זיך פריער פון אלעמען, מאַכט פאַרצווייפלטע אָנשטרענגונגען, באַמיט זיך איינהאַלטן די איבעריקע פון אנטלויפן. ער שרייט, זינגט צו א לידל און אר־בעט מיט שווערן אייזערנעם ברעכשטאַנג מיט אזא גרינקייט, פונקט ווי דער ברעכשטאַנג וואָלט זיין עפעס א טאַשן־מעסערל. אָבער אַרומגערינגלט פון אלע זייטן מיט סאָנים, הייבט ער אויך אָן אָפּצושטיין.

אין דערדאָזיקער מינוט האָבן פונהינטן, פון דער זייט פון וועלדל, באַוויזן זיך לויפנדיקע מענטשן. פאָרויס — דער גיגאַנ־טישער צירקמאַן אין העלגעלן טריקאָ. ער שניידט דורך די מאַסנע, ווי א שווערער האַרמאַט־לאָדונג, וואַרפנדיק די קו־קלוקס־קלאַ־נער אויף רעכטס און אויף לינקס און, ענדלעך, אויסקלייבנדיק איינעם דעם גרעבערן, כאַפּט ער אים אָן פאַרן קאָלנער, הייבט אים אויף, ווי א קעצל, און שליידערט אים איבערן פאַרענטש פון בריק אין טייך אַריין.

א פריידנרוף פון אַיין זייט און א קלאָלעברום פון דער צווייטער באַגעגענען זיין אַריינגרייסן זיך. די קעגנער כאַפּן זיך אָן פאַר זיינע פיס, באַמיען זיך אים אַ וואָרף טאָן אויף דער ערד, נאָר ער שטייט פעסט ווי אַ פעלז, און דער צווייטער קאָרבן צאַפּלט זיך שוין אין זיינע שטאַרקע הענט.

די קו־קלוקס־קלאַנער, צונויפגעקוועטשטע פון ביידע זייטן, שלאָגן זיך נאָך אָפּ א קורצע צייט. זיי פרוּוון זיך דורכרייסן און אנטלויפן. נאָך עטלעכע געלונגענע פרווון גיט זיך זיי דאָס פאַרט איין.

פאַרפאָלגטע מיט פייפעריי און מיט הוקען, פאַרשווינדן זיי אין פעלד אין דער ריכטונג פון דער שטאָט. עמיצער הייבט אויף א שטיין און וויל שליידערן נאָך זיי, נאָר מען האלט אים אָפּ:

— וואַרף אוועק!

# X

איין שטאָט נאָך — און שוין וואשינגטאָן. די קינדער-קאַ-
לאָנע באוועגט זיך אָפּן וועג מיט א געזאנג. רויטע פלאַקאַטן
שווימען איבער די קעפּ און שרייען מיט גרויסע אויסעס:

מיר גייען קיין וואַשינגטאָן!

מיר פאָדערן!

פאָרויס גייען די מיטגלידער פון קאָמיטעט מיט בענדלעך אַף
די אָרבלען.

אַלע זיינען ווי פאַר די לעצטע טעג ווי אויסגעוואָקסן.

— ביל—זאָגט מערי, זיך באַמיענדיק ניט אָפּצושטיין פון איר
לאַנגפיסיקן כאַווער—אַ, ביל!

— וואָס?—קערט ער אָן דעם קאָפּ צו איר.

— איך טראַכט אַלץ, איך טראַכט...

— וועגן וואָס?

— ווי זאָל איך דיר זאָגן... איך טראַכט, אַז מיר האָבן
אַ גרויסע זאַך אַף זיך גענומען.

נו, איז וואָס, וואַשינגטאָן איז שוין נאָענט.

— ניין, ניט דאָס. ניט אין וואַשינגטאָן גייט דאָס.

ניט מערי די ערשטע רעט אַרויס דיזאָזיקע פראַגע. זי
שוועבט אום אינדערלופטן. פאַר אַלע אָנטיילנעמער פון מאַרש
איז קלאָר, אַז עס גייט ניט וועגן וואַשינגטאָן.

— ווי זאָל מען דאָס קלערער אויסדריקן? נעכטן אָפּן בריק,
אַז עס זיינען געפאַלן פאַרוווּנדעטע...

— און טויטע, מערי!

— יאָ...—מערי האָט אַ טראַכט געטאָן וועגן די צוויי אַרבעט-
טער, וואָס וועלן זיך שוין ניט אומקערן צו זייערע מישפּאָכעס—

און טויטע--איז אָט האָב איך אַלץ געטראַכט, צוליב אונדז אַנז דאָס...

ביל האָט אַ טרייסל געטאָן מיטן קאָפּ.

— ניין, מערי ניט צוליב אונדז. מיר זיינען נאָך דער שטויס. מיר האָט געזאָגט דער אַלטער דושעמס. ווי האָט ער דאָס געזאָגט? יאָ: דער געשוויר דאַרף פּלאַצן.

— נאָר פונדעסטוועגן...פאָרט... ווי זאָל איך דאָס זאָגן, ביל...

מערי האָט ניט געקענט רײדן, שטענדיק איז איר שווער געווען צו געפינען די נויטיקע ווערטער פאַר די געדאַנקען, וואָס זיינען איר געקומען אין קאָפּ.

— ווי זאָל מען דאָס זאָגן?... מיר האבן אַף אָט דעם בריק איבערגעטראָגן איבער בלוט.

ביל האָט זיך פאַרטראַכט.

— יאָ, איבער בלוט--האָט ער געזאָגט, איבערן בלוט פון אונדזערע ברידער.

— דו רעכנסט ניט, ביל, אַז מיר זיינען איצט מעבו׳עוו...

— איך טראַכט טאקע, מערי, נאָר וועגן דעם טראַכט איך.

— און די איבעריקע, ווי?

— די מיטגלידער פון קאָמיטעט זיינען אַל״ע גרייט אַרבעטן ווייטער. מיר האָבן נאָך ניט גערעט וועגן דעם, ווי געהעריק.

— מען דאַרף ריידן.

— יאָ, איידער מיר וועלן צוריק גיין אַף אונדזער לעצטער פאַרזאמלונג.

— דו האָסט פלענער?

— איך האָב זיך דורכגערעט מיט יענעם יאַט, וואָס האָט אונדז געהאַלטן דעם פאָרטראָג. ער האָט גענומען מיין אַדרעס און וועט צושיקן אינסטרוקציעס.

מערי האָט אופגעהויבן דעם קאָפּ און אַ קוק געטאָן גלייך פאַר זיך. דערנאָך האָט זי זיך אומגעקוקט און אַ בליק געוואָרפן

אַף די נים גלייך צעשטעלטע קינדער-רייען. אַסאַך זיינען זיי געזעסן. געזונגען האָבן זיי אַלע אײנײנעם, און זייער טראָט איז געווען פֿעסט און רויק. נאָר מען האָט שוין געזען אַנדערע קאָלאָנען און פֿיל מאָל גרעסערע פֿון די, מיט אַ יאַם פֿאָנען און פּלאַקאַטן איבער זיי. זי האָט געזען מאַסן אָרגאַניזירטע, און צווישנגעצאָסענע ניט צוליב אַ צופֿעליקן געמיינזאַמען מאַרש, נאָר דורך אַ לאַנגער, אָקטאָנעסטיקער און געפֿערלעכער אַרבעט האַנט בײַ האַנט.

— ניכער, כאָטש, גיכער! — האָט זי הערבאַר אַ טראַכט געטאָן.

אין דער צייט פֿון זייער מאַרש זיינען די קינדער געוואָרנט געוואָרן צו דעם, אַז מען זאָל זיי אין יעדער שטאָט באַגעגענען. איצט — דערזעענדיק פֿונווייטן די הודזיענדיקע פֿאַבריק-קוימענס, האָבן זיי געוואַרט אַף אַרבעטער, ווי אַלעמאָל. וואָס זאָלן לויפֿן זיי באַגעגענען. די, וואָס האָבן געטראָגן די פּלאַקאַטן, האָבן זיי אויפֿגעהויבן אַזוי הויך, ווי מעגלעך. די אָפּגעשטאַנענע האָבן זיך אַ ציי געטאָן, די זינגער האָבן פֿאַרשטאַרקט זייערע שטימען. נאָך אַ האַלב מייל, און די שטאָט האָט פֿאַנאַנדערגעשפּרייט פֿאַר זיי די געדרעבער און הייזער פֿון דער פֿאַרשטאָט. הינטער די פֿאַרקאַנט זיינען געשטאַנען די איינוואָינער פֿון די הייזער און האָבן נאָכגעקוקט נאָך די מאַרשירנדיקע קינדער, ניט אויס-דריקנדיק מיט גאָרניט זייער פֿאַרוואונדערונג. קיין איין באַגריסונג-וואָרט, קיין איין פֿראַגע. אין וועג האָבן זיי באַגעגנט בלויז פֿרויען און קינדער, וועלכע האָבן ערגעץ-וווהין געאײַלט. אין דער קינדערשער קאָלאָנע האָט זיך געפֿילט אַ פֿאַרלאָרנקייט, געמישט מיט שרעק. וואָס איז דאָס? צי שטעקט ניט אין דעם אַלעמען עפּעס אַ נייער אײַנפֿאַל פֿון קו-קלוקס-קלאַנער? עפּשער זיינען די איינוואָינער אַזוי אָנגעשראָקן, אַז זיי וואגן אַפֿילע ניט צו קוקן אַף זיי.

צווישן די מיטגלידער פֿון קאָמיטעט אין דער שפּיץ פֿון דער קאָלאָנע איז פֿאָרגעקומען אַ פֿלוג-באַראַטונג. ביזאַהער איז די

לאַגע געווען אַזאַ, אַז מען פֿלעגט זיי באַגעגענען, באַגלייטן אין קלוב אַריין, ווי ס'פֿלעגט זיין אַלץ אָנגעגרייט פֿאַר זייער אויפֿנאַם און אָפּרו. איצט איז די לאַגע גאָר אַן אַנדערע. טערי האָט פֿאַרגעלייגט אָפּשטעלן זיך און שיקן עטלעכע מענטשן צו די אַרבעטער—דערוויסן זיך וואָס טוט זיך דאָ. ביל האָט פּראָטעסטירט. ער האָט געזאָגט, אַז דאָס וואָלט אויסגעזען, ווי מען וואָלט זיך אַף זיי אָנוואַרפֿן.

— אויב די אַרבעטער פֿון דער שטאָט ווילן ניט באַגעגענען אונדז, איז דאָס זייער זאַך.

די מערהייט האָט איינגעשטימט מיט בילן. מען האָט באַשלאָסן דורכפֿירן די קאָלאָנע דורך דער שטאָט. אינערגעץ זיך ניט פֿאַרהאַלטנדיק, צעלייגן זיך אַף אָפּרו הינטערן שטאָט, אַפֿן וועג, וואָס פֿירט קיין וואַשינגטאָן. יעדעפֿאַלס זיין גרייט צו אַן אָנפֿאַל, און אויב עס וועט טרעפֿן אַן אָנפֿאַל, צולויפֿן זיך דורך די געסלעך אין אַלע זייטן, שטרעבנדיק צו פֿאַרייניקן זיך, ווי נאָר מעגלעך ווייטער פֿון דער שטאָטישער גרענעץ. די לעצטע פֿאַראָרדענונג איבערגעבן די יאַטן פֿאָרזיכטיק, קעדיי זיי ניט אויפֿרעגן אומזיסט.

דורכגיין דעם צענטראַלן טייל פֿון שטאָט איז געווען זייער ניט אָנגענעם. עמעס, רעפּאָרטיאָרן און די קינאָ־אָפּעראַטאָרן האָבן זיי אַרויסגעוויזן אויפֿמערקזאַמקייט, צילנדיק זיך מיט די אַפּאַראַטן אַף זייערע רייען, נאָר דער אויסגעפּוצטער עולם, וואָס האָט פֿאַרפֿלייצט די טראָטואַרן, האָט געקוקט אַף זיי מיט שפּאָט און פֿאַראַכטונג. קיין איינציקער פּאָשעטער אַרבעטערשער פּאָנים האָט זיך ניט געזען.

— וואָס קאָן דאָס זיין? צי זיינען דאָס אויסגעשטאָרבן אַלע אַרבעטער פֿון דער שטאָט?

ענדלעך! ביל האָט דערלייכטערט אָפּגעאָטעמט, ווען אַף ראָג גאַס האָט זיך באַוויזן אַן אַרבעטער־קאָלאָנע. אַ באַגעגעניש? ניין ס'ווייזט ניט אויס. —

דאָס אויסזען פֿון די אַרבעטער איז ווייַט ניט אַזאַ, ווי עס טרעפֿט באַ מענטשן, וואָס גרייטן זיך צו אַ פֿייערלעכן קאַבאָלעס פּנים. זיי גייען נידערשלאָגענע און פֿאַרפֿינצטערטע. צי איז מען עמיצן מעקאַבער, צי וואָס?

ביידע קאָלאָנען האָבן זיך צונויפֿגעטראָפֿן, פֿאַרצאַמנדיק איינער דעם אַנדערן דעם וועג. ביידע האָבן אויסגעמישט זייערע פֿאָדערשטע רייען.

— דאָס זיינען אַפּאָנים די יאַטן, וואָס מאַרשירן אַף יונשינגסאָן? — האָט איינער פֿון די אַרבעטער געפֿרעגט באַ בילן.

— דאָס זיינען מיר — האָט געענטפֿערט ביל. וואָס איז דאָס באַ אייך עפּעס ניט פֿריילעך?

אין די רייען פֿון די אַרבעטער איז עפּעס פֿאָרגעקומען אַ צומישונג. עס איז געווען ענלעך אַף אַזאַ צושטאַנד, וואָס עס טרעפֿט באַ צוויי מענטשן, ווען זיי שטויסן זיך צונויף אַפֿן טראָטואַר און קאָנען ניט אַזוי גיך זיך פֿאַנאַנדערגיין. עס טאַנצן אַזעלכע צוויי איינער קעגן אַנדערן, יעדער טרעט אָפּ דעם וועג און יעדער שטערט, רוקנדיק זיך אין דערזעלבער זייט, וווהין עס רוקט זיך דער אַנדערער.

ענלעך האָט ביל זיך באַטראַכט דער ערשטער, אַז מען דאַרף עפּעס טאָן.

— טרעט אָפּ אַף צוריק, יאַטן, — האָט ער אַ געשריי געטאָן צו זייניקע און צוגעגעבן, ווענדנדיק זיך צו די אַרבעטער: — מיר וועלן צוואַרטן ביז וואַנען איר וועט דורכגיין.

די קינדערשע רייען האָבן אָפּגעטראָטן און געלאָזן אַ פּלאַץ אַף דורכגיין פֿאַר די עלטערע. די קאָלאָנע פֿון די אַרבעטער האָט זיך פֿונדעסטוועגן ניט גערירט פֿון אָרט. אין זייערע רייען האָט זיך געפֿילט עפּעס אַן אָנגעשטרענגקייט, וואָס האָט אומבאַדינגט געדאַרפֿט אויסברעכן אין עפּוואָס אומדערוואַרטעס. עס איז אַריבער אַ מינוט און עפּשער מער.

— נו?—האָט געפֿרעגט ביל, פֿאַרלירנדיק דעם [illegible]. עפּ-שער זאָלן מיר דורכגיין און איר וועט וואַרטן?

— שטייט!

עפּעס אַ פֿרוי, אַן אַרומגעשאָרענע, ווי אַ יינגל, איז אַרויסגעכראָכן פֿאַרויס, און פֿאַרשטעלט בילן דעם וועג.

— שטייט! וואַרט אויף אַ מינוט!

— ווי איז דאָס, כאַווײריט! האָט זי אַ געשריי געטאָן, ווענדנדיק זיך צו די איבעריקע—ווי איז דאָס, כאַווײרים? עס קומט עפּעס אַרויס ניט גוט!

אַ געהילך פֿון שטימען איז געווען דער ענטפֿער. מען האָט די ווערטער ניט געקענט פֿאַנאַנדערקלײַבן אין דער כוואַליע פֿון אויסגעשרייען. נאָר עס האָט זיך געפֿילט, אַז עס האָט זיך דורכגעריסן אַזוינס, וואָס די דאָזיקע מענטשן האָבן געטראָגן טיף אין זייערע געדאַנקען און הערצער.

— קינדער!..

— אויסוווּרפֿן וועלן מיר זיין!..

— שיקט זיי צום טייוול!..

— טרעט ניט אָפּ!

— די געשאָרענע מיידל האָט איינגעשטעלט אַן אָרדענונג.

— ניט אַלע מיטאַמאָל. ווער וויל זיך אַרויסזאָגן? איר מאַריאַן?

די, וועלכע מען האָט גערופֿן מאַריאַן, האָט זיך געשטעלט אַף אַ קלעצל באַם ברעג טראָטואַר און אָן אויפֿגערעגטע אָנגעהויבן ריידן:

— ווי איר אַלע פֿילט זיך, ווייס איך ניט, נאָר איך שעם זיך. איך שעם זיך פֿאַר זיי, פֿאַר די קינדער. צי שעמט איר זיך ניט אויך כאַווײרים?

— אַ כאַרפּע! אַ כאַרפּע!

אויב קינדער קאָנען פֿאָדערן, אויב זיי האָבן ניט מוירע, אויב...

— שווייג, מאַריאַן! — האָט אויסגעשריען איינער אַ מאַנסביל — שווייג, פֿאַכדאָנים זיינען מיר אָט וואָס!

דאָס וואָרט איז געפֿאַלן אין אוילעם אַריין, ווי אַ שווערער שטיין.

— פֿאָנען! אונדזערע פֿאָנען!

עמיך איז אַוועקגעלאָפֿן אין ערגעץ אַ געסל, עמיך האָט זיך אַרופֿגעכאַפּט אויף אַ קלעצל און געדעט וועגן זיג, וועגן קאַמף ביזן סאָף, עמיך האָט געקושט די קינדער, וואָס האָבן אויסגעמישט זייערע רייען מיט די רייען פֿון די דערוואַקסענע.

— וואָס איז געשען? — האָט ביי זיך דערקונדיקט וואָס איז געשען?

ביסלעכווייז האָט ער זיך אַלץ דערוווּסט.

מיט עטלעכע טעג פֿאַר זייער קומען אין שטאָט זיינען אַרעסטירט געוואָרן 10 אַרבעטער, וועלכע מען האָט חושד געווען אין פּראָפּאַגאַנדירן קאָמוניסטישע אידייען. מען האָט זיי צוגענומען אין מיטן העלן טאָג פֿון דער אַרבעט. זייערע כאַווייריִם האָבן דערקלערט אַ פּראָטעסט־שטרייק. די גרונט־פֿאָדערונג פֿון די שטרייקנדיקע איז געווען באַפֿרייען די אַרעסטירטע, נאָר צו דעם זיינען גיך צוגעקומען נאָך אַנדערע פֿאָדערונגען. מען האָט געפֿאָדערט העכערן דעם אַרבעטלוין. מען האָט געפֿאָדערט פֿאַרקלענערן די שטראָפֿן, מען האָט געפֿאָדערט אָפּזאָגן פֿון דער אַרבעט איניקע פֿון די מער פֿאַרהאסטע מאַיסטערס און אויפֿזעער. מען האָט געפֿאָדערט פֿאַרגרינגערן די באַדינגונגען פֿון קינדער־ און פֿרויען־אַרבעט.

די באַלעבאַטים האָבן געמאַכט אַ טייוולשן גאַנג. זיי האָבן איינגעשטימט אויף אַלע פֿאָדערונגען, כוץ אויף איינעם — באַפֿרייען די אַרעסטירטע. „דאָס איז ניט אונדזער מאַכט“, האָבן זיי געזאָגט, „מיר קאָנען העכערן דעם לוין — העכערן מיר אים, מיר קאָנען פֿאַרקלענערן די שטראָפֿן — פֿאַרקלענערן מיר זיי, מיר קענען

אָפּזאָגן זיך. ווען מענטש נעמען עס שטייען אַף אייער פֿאָרגעלייגטער רעשימע אָף אָפּזאָגן—זאָגן מיר ווי אָפּ, מיר קאָנען פֿאַרגרינגערן די אַרבעט פֿון די פֿרויען און קינדער—פֿאַרגרינגערן מיר, אָבער באַפֿרייען די אַרעסטירטע—קאָנען מיר נישט. דאָס איז די זאַך פֿון דער פּאָליצײַ. נעמט אָן דאָס, וואָס מיר גיבן, זאָגט זיך אָפּ פֿון דאָס, וואָס איז נישט מעגלעך—און אַלץ וועט זײַן אין אָרדענונג».

אַזוי איבערוואַרט קינציק האָבן געהאַנדלט די באַלעבאַטים, און צו דער שאַנדע פֿון דער מערהייט אַרבעטער, האָט אַ העכערונג אַף עטלעכע צענדליק סענטן אַנטשיידן די לאַגע. דער קאָמיטעט פֿון די שטרייקער האָט באַשלאָסן אָפּזאָגן זיך פֿון דער פֿאָדערונג צו באַפֿרייען די אַרעסטירטע.

— אָט פֿאַרוואָס מיר גייען נאָך הײַנטיקער פֿאַרזאַמלונג פֿון אַלע שטרייקנדיקע מיט אַזאַ בּרעריקער שטימונג.

— און איצט — האָט געפֿרעגט ביל, וואָס רעכנט איר טאָן?

— זעסט האָט איינער פֿון די אַרבעטער געענטפֿערט — עס איז נייטיק געווען אַזאַ שטויס, אַז דער געהיימער פֿאַרלאַנג צו וואַרפֿן די באַלעבאַטים אין פּאָנים אַרײַן זייערע האַנאָכעס זאָל העכער די זאַך פֿון דער גאַנצער שטרייקנדיקער מאַסע. זעסטו?

— און מיר זײַנען דאָס געווען דער שטויס?

— איר! און אַדאַנק אייך דערפֿאַר, יאַטן!

— ביידע קאָלאָנעס האָבן זיך אויסגעמישט. די קינדער זײַנען געגאַנגען אונטערן אָרעם מיט די דערוואַקסענע, און איבער די קעפּ פֿון די און פֿון יענע האָבן געפֿלאַטערט די פֿאָנען און טאַפּקאַסן מיט דער צענדליקער מאָל איבערכאַזערנדיקער אויפֿשריפֿט:

„מיר פֿאָדערן באַפֿרייען

די אַרעסטירטע!“

# XI

וואַשינגטאָן האָט געשיטערירט פֿונוויַיטן מיט זייַנע גיגאַנטישע געביַידעס. פֿאַר עטלעכע וויאָרסט האָט זיך געהערט דער טומל פֿון אָט דער גרויסער שטאָט, פֿאַר עטלעכע וויאָרסט האָבן זיך אינדערלופֿטן געטראָגן שפּורן פֿון שטויב און רויך.

קעדיי אַרייַנצוגיין אין שטאָט, האָבן די קינדער געדאַרפֿט איבערגיין אַ קליינע לעבשטאָטישע סטאַנציע, וואָס האָט פֿאַרבונדן די שטאָט מיט זייַנע פֿאָרשטעט. אָפֿן פּעראָן פֿון וואָקזאַל זייַנען צווישן דעם טומלדיקן און האַווענדיקן עולם אומגעלאָפֿן צייטונג-פֿאַרקויפֿער און האָבן זיך געריסן דעם האַלדז שרייַענדיק:

— דער מאַרש פֿון די קינדער אין וואַשינגטאָן!

— וואָס האָט געזאָגט דער פּרעזידענט!

— דער פּרעזידענט!

— דער מאַרש!

— קינדער!

— פּרעזידענט!

— געזאָגט!

די קינדער-קאָלאָנען האָט אַרומגערינגלט אַ געדיכטער עולם נייַגעריקע, אַזאַ עולם, וועלכן די קינדער האָבן אף זייער וועג נאָך קיינמאָל ניט באַגעגנט. בלוזעס און פּידזשאַקעס פֿון אַרבעטער האָבן זיך אויסגעמישט מיט עלעגאַנטע קאָסטיומען פֿון גווידים. רעפּאָרטיאָרן זייַנען געקראָכן, אף מינוט זיי ניט אָפּלאָזנדיק אין גאַנג האָבן זיי געקנאַקט מיט די קאַדאַקן און האָבן אויסגעפֿרעגט די יאָטן, פֿאַרצייכענענדיק זייערע ענטפֿערס אין בלאָקנאָטן מיט אומפֿאַרשטענדלעכע סטענאָגראַפֿישע צייכנס.

„דער מאַרש פֿון די קינדער קיין וואַשינגטאָן!"

„וואָס האָט געזאָגט דער פּרעזידענט!"

ענדלעך איז די לעצטע פֿראַגע דערגאַנגען צו בילס באַוווסטזיין.

— גיב אַהער אַ צייטונג! — האָט ער געזאָגט זיך ווענדנדיק צו איינעם פֿון די פֿאַרקויפֿער.

יענער האָט אים, ניט ריידנדיק קיין וואָרט, דערלאַנגט אַ בויגן. וואָס האָט נאָך געשמעקט מיט פֿרישער פֿאַרב און איז ניט וואָרטנדיק אַף געצאָלט, אַוועק ווייטער אין געדיכטן אוילעם אַריין. ביל האָט גייענדיק שנעל געלייענט די יעדיע, און אַ קער געטאָן זיך מיטן פּאָנים צו דער קאָלאָנע, האָט ער אויסגעשריגן אַ פּאָר קאָל מיט גאַנצע קויכעס.

— שטיים יאַטן, ווייטער גייען מיר ניט!

די קאָלאָנע האָט זיך אָפּגעשטעלט, פֿאָלגנדיק דעם באַפֿעל. מאָמענטאַל האָט זיך אַרום איר געשלאָסן אַ קרייז פֿון בלאָטע מונדירן, פּאָליסלייט*) האָבן אָפּגעשטויסן דעם נייגעריקן אוילעם און אָפּגערייניקט אַ פּלאַץ פֿאַר די קינדער. עמיצער פֿון די אַרבעטער, וואָס איז געווען צווישן אוילעם, האָט אויסגעשריגן:

— העי אָקסן!**) וואָס דאַרפֿט איר דאָ האָבן?

ווי היטן אָפּ די קינדער פֿון די אַרבעטער — האָט איינער אויסגעשריגן מיט איראָניע.

— נאַרישקייטן, דאָס היטן ווי אָפּ די אַרבעטער פֿון די קינדער! —

דער אוילעם האָט באַגעגנט די באַמערקונג מיט אַ הילכיקן געלעכטער. די פּאָליסלייט האָבן פֿאַרגעסן זייער אַרבעט, און אינגיכן איז אין דעם געשלאָסענעם קרייז געבליבן אַזוי פֿיל פֿרייער פּלאַץ, אַז נאָך דריי קינדער-קאָלאָנען וואָלטן דאָ געקענט זיך אויסשטעלן. ביל איז געשטאַנען אינמיטן, פֿאָכנדיק מיט דער אין פֿירען צונויפֿגעלייגטער צייטונג.

— הערט יאַטן, איך וועל אייך עפּעס זאָגן!

*) פּאָליסמען — פּאָליציאַנט.

**) „אָקס" — שפּאָט-נאָמען, וואָס די אַמעריקאַנער אַרבעטער האָבן געגעבן די פּאָליסלייט.

— ש־ש־ש־שאַ! האָט מען אין אוילעם, וואָס האָט זיך באַמיט דורכשטופּן דורך דער קייט פֿון די פּאָליציסלייט, גענומען איינשטילן איינע די אַנדערע. און ווען ביל האָט אָנגעהויבן ריידן, האָט מען אים שוין געהערט אַף ביידע זייטן פֿון בלויען קרייז. ער האָט געפֿילט דאָס, וואָס עס פֿילט יעדערער, וואָס טרעט אַרויס צום ערשטן מאָל פֿאַר אַ גרויסער מאַסע ציהערער. זיינע קני האָבן געציטערט און פֿון צייט צו צייט געבויגן זיך, פּונקט ווי עמיצער וואָלט, אומטערגאַנוועדיק זיך פֿונהיבן, געקלאַפּט איבער זיי מיט אַ שטעקן.

— יאַטן!—האָט געזאָגט ביל—דער פּרעזידענט האָט געזאָגט, שרייבן די צייטונגען, אַז ער וועט אונדז ניט אויפֿנעמען, ווייל ער וויל ניט נאָכגעבן די קאַפּריזן און שטיפֿערייען פֿון די קינדער. מיין מיינונג, יאַטן, איז, אַז דער פּרעזידענט האָט פּאַשעט מוירע געקראָגן פֿאַר אונדז.

אין אוילעם פֿון די שטאָטלייט האָט עמיצער אַ לאַך געטאָן. עמיצער האָט אויסגעשריען „אָך" פֿון אומדערוואַרטקייט, און די קינדער, צו וועלכע ביל האָט זיך געווענדעט, האָבן זיך צעהאָלדערט אַלע מיטאַמאָל:

— מוירע געקראָגן, זיך דערשראָקן!

— דער פּרעזידענט האָט מוירע געקראָגן!

— דער פּרעזידענט האָט זיך דערשראָקן!

די פּאָליציסלייט זיינען מעוולוול געוואָרן. נאָך עטלעכע מינוט פֿון צוטומלטקייט האָט איינער פֿון זיי, קענטיק, דער עלטסטער, זיך דורכגערוקט צו די קינדער, און באַמיענדיק זיך צו צוגעבן זיין שטים אַ ווייכקייט און גוטמוטיקייט, האָט ער געזאָגט:

— הערט, יאַטן, אַזוי טויג ניט! איר אַליין ווייסט מיסטאָמע ניט, וואָס איר טוט! איר באַליידיקט דעם פּרעזידענט!

אים האָט געענטפֿערט מערי.

עטלעכע יינגלעך האָבן זיך אויפגעהויבן הויך אַף די הענט, און זיך, אַ פאַרויטלטע פון כּעס און אויפרעגונג, האָט קוים אַריינגעשריען אים אין פּנים אַריין:

— דאָס באַליידיקן מיר דעם פּרעזידענט? און דער פּרעזידענט אונדז האָט ניט באַליידיקט? איך בין אַ טאָכטער פון אַן אָרעמען אַרבעטער, נאָר ווען צו מיר קומען געסט קאָן איך זיי אויפנעמען. מיר זיינען געקומען צום פּרעזידענט פאַר אַזויפיל ווייאָרסט, מיר זיינען אַזוי מיד, אַזוי פאַרמאַטערט, און ער האָט קיין בעסערס ניט געפונען, ווי ניט אויפצונעמען אונדז. האָט ער דען אונדז ניט באַליידיקט?

— באַליידיקט, באַליידיקט! אַזוי טוט מען ניט!

די קינדער זיינען געווען שטאַרק צעקאָכט. זיי האָבן שוין לאַנג איינגעזען, אַז צום פּרעזידענט וועלן זיי ניט צוקומען. דער דאָזיקער גאַנצער צוגאַנג האָט שטאַרק אויפגערעגט זייערע קינדערשע הערצער און אָנגעשפּילט מיט צאָרן און באַליידיקונג.

— הערט! — איז אַרויפגעקראָכן אַף די פּלייצעס פון די כאַווייַרים דער געלער דזשאָ.

— הערט אַלע! אונדזערער לערער האָבן אונדז געזאָגט, אַז דער פּרעזידענט איז אַ גוטער. אַז ער ווייס ניט פון דעם, וואָס די פּאָליציי טוט אין די שטאַטן, אַז מען דאַרף אים נאָר גוט אַ בעט טאָן! און ער וועט אַלץ אויספירן. נאָר דאָס אַלץ איז ניט עמעס! אונדזערע לערער האָבן געזאָגט ליגנס! ליגנס געזאָגט!

— ליגנס!

נאָך דזשאָיען האָט גענומען אַ וואָרט עפּעס אַ קליינינק מיידעלע, וואָס האָט זיך ביז איצט קיינמאָל ניט אַרויסבאַוויזן.

— איך, כאַווייַרים, וועל בלויז זאָגן, אַז געהערט איז געווען דער שוואַרצבערדיקער, וואָס האָט געזאָגט... אָ, ווי האָט ער געזאָגט? יאָ... אַז דער פּרעזידענט איז דער גרעסטער פּאָליסמען און באַקומט פון די מיליאַנערן גרויסע סומען געלט... אָט!

אַ דונערדיקער געלעכטער. געמישט מיט געשרייען פֿון פּראָטעסט, האָט באַגעגנט אירע ווערטער:

— דאָס איז אַ פֿרעכהייט! — האָט עמיצער געגוואַלדעוועט.

— ריכטיק, איר זיינט כוואַסן, קינדער!

— נידער מיטן פּרעזידענט!

אַ צווייטע גרופּע סאָליסלייט איז געקומען צוהילף. די קייט, וואָס האָט אַרומגערינגלט די קינדער, איז געוואָרן ברייטער, און דער אוילעם איז אָפּגעשטויסן געוואָרן ווייטער. ערגעץ דאָ ניט ווייט האָט זיך שאַרף צעהודעט דאָס פּייפל פֿון אַן אויטאָמאָביל, נאָך אים אַ צווייטער, אַ דריטער. דער אוילעם האָט זיך צורוקט אין די זייטן, און עטלעכע גרויסאַרטיקע מאַשינעס זיינען לאַנגזאַם דורכגעפֿאָרן גלייך צו די קינדער. בלויז אין דער סאַמע פֿאָדערשטער זיינען געזעסן צוויי עלעגאַנט געקליידעטע דאַמען. די איבעריקע מאַשינען, וואָס זיינען זיי נאָכגעפֿאָרן, זיינען ליידיק געווען.

צוערשט האָט ניט דער אוילעם, ניט די קינדער פֿאַרשטאַנען, וואָס דאָ טוט זיך. דערנאָך, ווען די קייט פֿון די פּאָליסלייט האָט געלאָזן אַ וועג פֿאַר די מאַשינען, האָט עפּעס אַ פֿאָרגעפֿיל אַלעמען פֿון עטוואָס אומדערוואַרטעס אַרומגעכאַפּט. איינע פֿון די דאַמען האָט זיך אויפֿגעהויבן און גענומען ריידן מיט אַ זיסער, ליבלעכער שטים:

— איר ווייסט שוין, אַז דער פּרעזידענט וועט אייך ניט אויפֿנעמען, קינדער! נאָר ער האָט אונדז באַפֿולמעכטיקט…

די יאַטן האַבן זיך אַ לאָז געטאָן צו די אַוטאָמאָבילן און זיי אַרומגערינגלט.

— ער האָט אונדז באַפֿולמעכטיקט באַגעגענען אייך, ווי געהערט. מיר וועלן אייך אַוועקזעצן אויף די מאַשינען און אָפּפֿירן אין שטאָט. דאָרט וועט איר באַקומען אַ גוטן פֿרישטיק, מען וועט אייך אַרומוואַשן און איבערטאָן, איר וועט איבערנעכ-

סיקן אין ריינע אין ווייכע בעטן. און דערנאָך וועלן מיר אייך איבערפירן מיטן אייזנבאַן אויסריכטן אַהיים.

צוואָמען מיט אונדזערע פאָטערס? האָט עמיצער א פרעג געטאָן.

— מיט אונדזערע פאָטערס!

— מיט די פאָטערס!

— מיר פאָדערן!

די דאַמע האָט אויפגעהויבן די האַנט. אַן אײַנגעצויגענע מיט אַ זאַמשענער ווייסער הענטשקע.

— רעגט זיך ניט אויף קינדער! — האָט זי געזאָגט — מיר וועלן וועגן אלץ איבערשמועסן אינאיינעם.

— ניין טייקעף, זאָגט אונדז צו שוין!

— שוין!

— שוין!

— שוין!

— קינדער, איר דאַרפט פריער פון אַלץ אָפּרוען!

— מיר האַרפן פריער פון אלץ אונדזערע פאָטערס!

— אונדזערע פאָטערס!

— אונדזערע פאָטערס!

אין דער דאַמעס קאָל האבן זיך דערהערט טענער פון אומצופרידנהייט און פאַרוווּנדערונג.

— איר זייט ניט קיין גוטע קינדער! איר זייט ניט ווערט די זאָרג פון דעם הער פרעזידענט. פונדעסטוועגן לייגן מיר אייך פאָר אַן אָפּרו און שפייז און זיסע זאכן, אַסאַך זיסע זאכן!

— בעהיימע!

דאָס וואָרט האָט דייטלעך אָפּגעקלונגען, אַ שנײַדיקס, ווי אַ פאַטש. די דאַמע אין אַוטאָמאָביל איז בלאַס געוואָרן און האָט פאַרביסן די ליפּ. די פּאָליסלייט זײַנען געשטאַנען, ניט וויסנדיק וואָס צו טאָן.

— צושטעלט זיך אין די רייען, יאַסן!—האָט ביל אַ קאָמאַנ-דעווע געטאָן—שנעל!

די קאָלאָנע האָט זיך אויסגעצויגן אין אַ געדריידלטער ליניע.

— מיר וועלן גיין צוריק. מיר האָבן ניט וואָס צו טאָן דאָ. און איר... ער איז צוגעגאַנגען צום אַווטאָמאַביל, אין וועלכן עס זיינען געזעסן די דאַמען—און איר הערט אויס... וואָס האָט איר געמיינט? אַז מיר אָרעמע, הונגעריקע קינדער, וואָס... וואָס... צוליב אַ זיסע זאַך וועלן מיר... אַזאַ גרויסע און אַזאַ בע-היימע!...

ער האָט זיך אָפּגעקערט און רויק פאַרנומען זיין אָרט אין שפּיץ פון דער קאָלאָנע.

דערנאָך, איידער אָפּגעבן אַ באַפעל צו לאָזן זיך גיין, האָט ער אַרומגעכאַפּט מיטן בליק די קינדערשע קאָלאָנע.

— יאַסן!—האָט ער געזאָגט רויק און הויך,—ביז איצט האָב איך קאָמאַנדעוועט: „קאָלאָנע פאָרויס"! איצט וועט די קאָמאַנדע זיין אַן אַנדערע. ווער עס איז ניט איינשטימיק, קאָן פאַר-בלייבן דאָ און עסן קאָנפעקטן בײַ אָט דער אויסגעפּראַנטעוועטער ליאַלקע.

— אַכטונג!

— קאָמוניסטישע גרופּן פאָרויס!

די ווערטער האָבן זיך געשפּרייט דייטלעך און אומגעריכט פּרעכטיקע. די קינדער האָבן אַ ציטער געטאָן, ווי אומגערן אויפ-געהויבן די הענט צו די היטלען אין קעפּקעס און, אַנטבלויזנדיק די קעפּ, זיינען זיי בײַ אַ טויטשטילן שווייגן פון דעם אוילעם אַוועק אַף צוריק. —

די קייט פון דער פּאָליציי איז געוואָרן דורכגעריסן דורכן אָנדראַנג פון די פאָדערשטע רייען. קיינער האָט זיך ניט אַ ריר געטאָן אַף אָפּשטעלן די אָפּמאַרשירנדיקע, עס האָבן געציטערט די מאַשינען פון די ליידיקע און אומנויטיקע אַווטאָמאָבילן, עס

האָבן זיך געריסלט פֿאַר באַליידיקונג די באַקן פֿון דער אָנגעפֿאַרבטער דאַמע; עס האָט געשוויגן דער עולם. און אָפּגעשטויסענער דורך דער פּאָליציי צום וואָקזאַל; עס האָבן זיך ווי צוזאַמענגעגאָסן אין איין ווייסן פֿלעק צענדליקער בלאָנדע, שוואַרצע און רויטהאָריקע קעפּ; ס'זײַנען געשוווּמען, איינגעוויקלט אין וואָלקנס שטויב, רויטע פֿלאַקאַטן-לענטעס — און עס זײַנען זיך צעגאַנגען אין דער ווײַטן די ווערטער פֿון דעם ליד:

אין הײַנט ברענט דאָרטן אונדזער בלוט

אַף פֿלאַטערנדיקער פֿאָנען-גלוט:

